# פופציק יאָר געזעלשאפטליכע טעטיקייט
## פון
## יודל לעווית

אין דער אָפּשאַצונג
פון זיינע פריינט



**אמבאסאדאר האטעל זונטיק 16טען מערץ, 1952**

יודל לעווית יובילי־קאָמיטעט
לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע

# בלאנזשעניש

פון ה. רויזענבלאט

יודל לעוויט צו זיין היינטיקן יום־טוב

דו בלאנזשעסט אין וואַלד אין געדיכטן.
דער וואַלד איז פאַרפלאָנטערט און גרויס.
דו שרעקסט זיך אַביסל ... דאָך ווילסטו
פון בלאָנזשעניט פארט ניט אַרויס.

עס רוישן די צווייגן. די בלעטער
זיי שארכען דיך אונטער די טריט.
די שטילקייט ... די שאָטנס ארום דיר ...
עס שרעקט דיך, עס מאַניעט און ציט ...

אַ שימער פון צווישן די צווייגן:
דערפרייסט זיך: געענדיקט ... שוין באַלד!
נאך, — עפעס ... דיר בענקט זיך, א שאד דיר
פארלאזן דאס בלאנזשען אין וואלד ...

דער שימער פארלעשט זיך. דו בלאנזשעסט.
א רעטעניש ... עפעס נישט קלאר:
האָב איך זיך אין בלאנזשען פארלוירן?
צי אפשר געפונען זיך גאר?

דער וואלד שטייט אין שאטנס פארוויקלט.
ער איז אזוי סודות׳דיק ... גרויס!
דו שרעקסט דיך און פרעגסט זיך און ספק׳סט:
— צי וויל איך פון וואלד גאר ארויס?

# יודל לעוויט—דער אומדערמידלעכער קולטור-טוער

## פון מענדל עלקין

זינט איך קען יודל לעוויט, — און איך קען אים שוין באַלד אַרום דריי צענדליק יאָרן, — איז ער תמיד פאַרנומען מיט קהלשע ענינים, און דער עיקר מיט יידישע קולטור־ענינים. עס הייבט זיך אָן מיט קולטור־טעטיקייט אין דעם אייגענעם ארבעטער רינג צווייג (ברענטש בלע״ז) און דערגייט אַזש צום העכסטן יידישן קולטור־אינסטיטוט—דעם ייוואָ.

און צווישן די צוויי קולטור־פונקטן איז פאַראַן אַ היבש ביסל אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט קולטור־טעטיקייט און מיט געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן, וואו לעוויט איז טעטיק.

שוין אָפּגערעדט פ.ן דעם, וואָס זיין אָן אָנפירער פון „פאָרווערטס״ אין קאַליפאָרניע שטאָט איז אַליין פאַר זיך ניט קיין קליינע קולטור־מיסיע, איז ניטאָ כמעט קיין איין אָרגאַניזאַציע אין דער גרויסער שטאָט לאָס אַנ־געלעס וואו דער נאָמען לעוויט, ווי איינער פון די אָנפירנדיקע און טעטיקע מענטשן, זאָל ניט זיין פאַרטראָטן.

און אומעטום, אין יעדער מין אָרגאַניזאַציע, און פאַר וועלכער ארבעט ער זאָל זיך דאָרט נעמען, ווערט די דאָזיקע ארבעט געקרוינט מיט דערפאָלג צוליב זיין גוטן ווילן און אחריותפולן צוגאַנג צו זיין אַרבעט און צו זיינע געזעלשאַפטלעכע התחייבותן.

און ווי עס פירט זיך ביי אונדז, קומט אויס זייער אָפט אַזאַ איינעם אויסצושטיין ניט ווייניק צרות און עגמת־נפש, — אָנפאַלן פון כלומרשטן געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער, און מערסטנס פון פערזענלעכע קנאה־שנאה טעמים. אַ סך מענטשן פאַרטרייבט עס פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט מיט אַ געפיל פון פאַרביטערטקייט. ניט אַזאַ איז יודל לעוויט, — ער גיט זייער אָפט אויף זיין אייגענעם „איך״, אַבי נאָר „די זאַך״ זאָל האָבן אַ קיום. און „די זאַך״ איז אַלץ, אָנהייבנדיק פון אַ קולטור־קלוב, אַ ייוואָ, און ביז „אַ שטאָט פון האָפענונג״.

עס דוכט מיר אָפטמאָל, אַז אָן יודל לעוויט וואָלטן זיך די רעדער פון יידישן וואָגן אין לאָס אַנגעלעס פון אָרט ניט גערירט. און עס איז אים פשוט מקנא צו זיין וואָס זיין התלהבות צו אַזאַ ארבעט איז אויף קיין האָר ניט שוואַכער געוואָרן פאַר די דריי צענדליק יאָרן וואָס איך קען אים.

דער ייוואָ, וואו דער בעל־היובל איז אַ מיטגליד פון דער באָארד אָוו דירעקטארס האָט צו פאַרצייכענען אַ סך מעשים טובים פון יודל לעוויט לטובת דעם אינסטיטוט, הן אויפן געביט פון מאַטעריעלער הילף, הן אויפן געביט פון געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען אין זיין שטאָט.

איז גוט, זייער גוט, וואָס די געזעלשאַפט לאָזט א מאָל וויסן אַזאַ איינעם, אַז מען שאַצט עס אָפּ זייער שטאַרק און אַז מען בענטשט אים מיט אריכת ימים און מיט ווייטערדיקער פרוכטבארער אַרבעט.

איך, מצדי, שיק מיינע האַרציקע ברכות מיין ליבן, טייערן פריינד יודל לעוויט, דעם געזעלשאַפטלעכן און אייפערדיקן קולטור־טוער און ווינטש אים כל טוב סלה.

# יודל לעוויט יובילײ קאָמיטעט

לאָס אנדזשעלעס, קאַליפ.

ליבע פריינד:

אייער שטאָט מעג זיך זיכער גרייסן מיט די יידישע אינסטיטוציעס און פירנדיקע מענטשן וואָס זי פאַרמאָגט. דעם ייוואָ איז באַזונדערס ליב ארויסצוהייבן אזאַ אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט ווי יודל לעוויט.

יודל לעוויט איז אַן אידעאַלע פאַרקערפּערונג פון אַ טיפּ וואָס האָט געשפּילט אַן אייגנארטיקע ראָלע אין דער יידישער געשיכטע. אַזעלכע באַגריפן ווי עסקן, אָדער עוסק זיין בצרכי ציבור באמונה, אָדער די מער מאָדערנע כלל־טוער און קולטור־טוער, די אַלע זיינען אַ קאָנצענטרירטער אויסדרוק פון אונדזער פּאָזיציע אין דער וועלט און פון די אידעאַלן וואָס האָבן, אין פאַרשיידענע פאָרמען, געשטיצט אונדזער באַגייסטערונג.

אין די פופציק יאָר פון זיין רייכער סאָציאַלער און פּיאָנערישער טעטיקייט וואָס יודל לעוויט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט די באַזונדערע פיינקייטן פונעם יידישן געזעלשאַפטלעכן אידיאָם, און דערמיט האָט ער ארויסגערופן די אויפריכטיקע דאַנקבאַרקייט פון אונדז אַלעמען.

עס וואָלט געווען אַ רעטעניש ווען ער וואָלט נישט געווען אַן אָנגעזעענע פיגור פון ייוואָ אין לאָס אנדזשעלעס. עס וואָלט פונקט געווען אַזאַ רעטעניש ווען זיין טעטיקייט וואָלט זיך באַגרענעצט בלויז אויף איין מין ארבעט.

די ידיעה, אַז איר פייערט אויף אַן אימפּאָזאַנטן אופן יודל לעוויט׳ס יובילײ איז אַ מאָראַלע באַפרידיקונג וואָס רופט ארויס טיפע דאַנקבאַרקייט.
**דער ייוואָ־צענטער דריקט אויס אַ וואַרעמען יישר־כוח זיין קאָמיטעט אין לאָס אנדזשעלעס און ווינטשט דעם יובילאַר געזונט און אריכת ימים אין געבענטשטער עסקנות בצרכי ציבור באמונה.**

**זייער פריינדלעך, אייער**

**לייבוש לעהרער,**

פאָרזיצער אדמיניסטראַטיווער קאָמיטעט.

# יודעל לעוויט, — א האַלבן יאָרהונדערט ביים רודער פון געזעלשאַפטלעכן לעבן

## (ביאָגראַפישע נאָטיצן)

### פון י. טיללעס

צו שרייבן וועגן אַ האַלבן יאָרהונדערט געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, מיינט אייגנטלעך שרייבן וועגן דעם גורלדיקסטן האַלבן יאָרהונדערט אין יידישן לעבן, דעם טראַגישסטן און דערהויבנסטן 50 יאָר פון גרויסע אינערלעכע רעוואָלוציעס און ׳אויסערלעכע קאַמפן און אויפטרייסלונגען. דאָס איז אַ צו גרויסע אַרבעט פאַר מיינע באַשיידענע כוחות. איך וויל נאָר באַרירן אויף אַ באַגרעניצטן אופן די ראָלע וואָס י. לעוויט האָט פארנומען אין דעם אינערלעכן און אויסערלעכן געראַנגל אין יידישן לעבן, וועלכע ער האָט אין זיין גאַנץ פריער יוגנט אָנגעפאַנגען אין דער אַלטער היים און עס פאָרגעזעצט אין דער נייער היים, און טיילווייז צוליב זיין ברויזנדער ענערגישער פערזענלעכקייט און טיילווייז צוליב זיין פּאָזיציע וועלכע ער פאַרנעמט איז ער אָפט געשטאַנען ביים רודער פון געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען און אינסטיטוציעס.

י. לעוויט איז דער יינגסטער פון אַ היבשער פאַמיליע. געבאָרן געוואָרן דעם 15טן יולי, 1885, אין דיסנע, ווילנער גובערניע, ביי פרומע באַלעבאַטישע עלטערן. דער פאָטער, אַ וואַלד־סוחר, שפּעטער אַ שענקער איז פאַראָרעמט געוואָרן, און אין עלטער פון 14 יאָר איז שוין יודל א „פריקאַזטשיק״״ אין פּאַפּ׳ס פּאַפּיר געשעפט אין ווילנא. דער „ב׳ג׳ד״ איז ש׳ין געוועזן גאַנץ פּאָפּולער צווישן די אַרבעטער אין דעם געשעפט. לעוויט ווערט אַריינגעצויגן אין דער בונדישער באַוועגונג, און אין עלטער פון 16 יאָר פאַרנעמט ער אַ פּראָמינענטן אָרט. אין דעם סטרייק פון די פריקאַזטשיקעס אין ווילנא, צוליב זיין הויכן וואוקס, האָט ער זיך מער אָנגעזען און די פּאָליציי האָט געהאַט אן אויג אויף אים. ער איז געווען 6 מאָל אַרעסטירט און זיך אויסגעוואַלגערט אין פארשיידענע טורמעס.

אין 1906 האָט ער זיך ארויסגעדרייט פון דעם 7טן אַרעסט און איז געקומען קיין אַמעריקע. אין ניו יאָרק, זיין ערשטער עטאַפּ, איז די בונדישע אָרגאַניזאַציע געווען זיין גייסטיקע היים, און ווען ער ציט זיך אַריבער אין נוארק, ניו דזשוירזי, גרינדעט ער דאָרטן אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע. אָן דעם „בונד״ איז אים דאס לעבן צו טרוקן. אָבער לעוויט איז אַ פּראַקטישער טוער. ער קען זיך ניט באַנוגענען מיט די שיינע ראָמאַנטישע עראינערונגען. ער גייט דערפאר אריין אין ברענטש 196 אַרבעטער רינג וואו ער ווערט דאָרט גלייך פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר, און מיט דעם פּאַספּאָרט פון אַרבעטער רינג און סאָציאליסטישער טוער קומט ער קיין לאָס אנדזשעלעס אין 1910.

די געשיכטע פון זיין לעבן אין לאָס אנדזשעלעס, איז די געשיכטע פון יידישן לעבן אין לאָס אנדזשעלעס וואָס איז אין די לעצטע 42 יאָר, פון אַ קליינעם יידישן ישוב אויסגעוואקסן צו דעם צווייטן גרעסטן יידישן קיבוץ אין אַמעריקע, וואָס פאַרנעמט אַ בכבודיקן אָרט אין אַלע וויכטיקע באַוועגונגען פון יידישן לעבן אין דער וועלט, מיט אייגענע וואונדערבארע אינסטיטוציעס, און י. לעוויט האָט זיך אין דעם אלעס באַטייליקט. געהאָלפן בויען און שאַפן און גאָר אָפט געשטאנען און שטייט ביים רודער פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטאָט.

מיט 42 יאָר צוריק, איז די יידישע לאָס אַנדזשעלעס געווען אַ קליין שטעטל מיט 1 ברענטש פון ארבעטער רינג, ברענטש 248 ע״ה. און קוים ווי ער האָט אריבערגעטראָטן די שוועל פון זיין נייער זוניקער היים, וואַרפט ער זיך אַריין אין דעם דזשאַב הערימאן קאמפיין פאַר מעיאָר אין לאָס אַנדזשעלעס. זיין ערשטער קאָנטאַקט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין קאַליפאָרניע איז געווען דורך אַן ענגער פארבינדונג מיט דער אמעריקאנער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און אַמעריקאַנער גענאָסן. אָבער זיין הויפּט אינטערעס איז די יידישע באַוועגונג, און צוזאַמען מיט דער קליינער גרופּע אין דער יידישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציאָנס ביוראָ, ברענגען זיי אַהער אראָפּ אין 1911 דעם ערשטן סאָציאַליסטישן לעקטאָר אין דער פּערזאָן פון ברוך טשאַרני וולאַדעק ע״ה.

די שטאָט פון האָפענונג, איינע פון די שענסטע און גרעסטע מעדיצינישע אינסטיטוציעס אין דער וועלט איז געגרינדעט געוואָרן אַלס דער לאָס אנדזשעלעסער סאַנאַטאָריום פון אַרבעטער רינג מיטגלידער, פ.ן ברענטש 248. לעוויט איז איינער פון די גרינדער און איינער פון די ענערגישע אַרבעטער מיט וועלכע ער שטייט ביז היינטיקן טאָג. אָבער דאָס איז בלויז אַ טייל פון זיין לעבן. ער נעמט דעם אַקטיווסטן אַנטייל אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אין דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע, אין אַלע אינערלעכע קאַמפן. שפּעטער אין יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, אין אַרבעטער רינג און אין אַלע קולטור באַוועגונגען ארום דעם ארבעטער רינג. און אין 1916 איז י. לעוויט דער קאַליפאָרניער דעלעגאַט צו דער ארבעטער ירנג קאָנוועאָשאַן אין בראָנזוויל.

אין 1919 פאַרבינדט ער זיך מיטן „פאָרווערטס" און פאָרנדיק איבער די שטעט און שטעטלעך פון קאַליפאָרניע אין די אינטערעסן פון "פאָרווערטס" פאַרפלאַנצט ער די ,וימען פון אַר. רינג און דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ארבעטער רינג ברענטשעס ווערן געגרינדעט אין פרעזנאָ, סטאַקטאָן א.ן אנדערע שטעט און שטעטלעך אין קאַליפאָרניע. מיט דער עטאַבלירונג פון אַ „פאָרווערטס" אָפיס אין לאָס אנדזשעלעס, איז י. לעוויט דער מענעדזשער און קאָרעספּאָנדענט. דער אַמט האָט אים געגעבן אַ נייע געלעגנהייט אויסנוצן זיין ברויזנדע ענערגיע פאַר אַ רייכער און ברייט פאַרצווייגטער טעטיקייט. דער „פאָרווערטס" אָפיס אונטער דער פירערשאַפט פון י. לעוויט, ווערט דער מיטלפונקט פאר דער גאַנצער באַוועגונג און פון דעם וואַקסנדן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָס אנדזשעלעס.

דער "פאָרווערטס" אָפיס ווערט דער באַראַטונגס פונקט פאַר אלע אַקטיוויטעטן פ.ן דער באַוועגונג. דאָ ווערן אויסגעארבעט אַלע פלענער אויסצוהיטן דעם ארבעטער רינג און די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דער קאָמוניסטישער דעמאָראַליזאַציע. מיט די „פאָרווערטס" בעלער ווערט אויסגעבויט די היים פון יידישן סאָציאַליסטישן פאַרבאַנד, וואָס איז דער נוקלעאוס פון דעם היינטיקן פראכטפולן וולאַדעק צענטער. דאָ ווערן אויסגעארבעט די פלענער פארן אַרבעטער רינג קעמפּ, אָפּן פאָרומס, די ארבעטער רינג שול באַוועגונג א. א. וו.

י' לעוויט נוצט אויס זיין ברויזענדע ענערגיע פאר'ן געצייג קאַמפּיין, פון וועלכן עס איז דאָ ארויסגעוואקסן דער „אָרט". דער יידישער ארבעטער קאָמיטעט, פון זיין גרינדונג אין 1934 און פאר פילע יאָרן שפּעטער האָט געהאַט זיין היים ביים אָפיס פון „פאָרווערטס" מיט לעוויט'ן אַלס איינעם פון די אַקטיווסטע טוער. דער אָפיס פון „פאָרווערטס" איז די ערשטע סטאַנציע פאַר פאַרטרעטער פון אָרגאַניזאַציעס און יחידים שלוחים פון באַוועגונגען, וועלכע געפינען אין לעוויט'ן אַ וואַרימען פריינד און אונטערשטיצער. אין דעם „פאָרווערטס" אָפיס איז אין א גרויסער מאָס די היים פון „ייווא" אין לאָס אנדזשעלעס, וואו י. לעוויט איז די טרייב־קראַפט פאר גרעסערע דערגרייכונגען.

מדינת ישראל האָט אין דעם בונדיסט לעוויט, אַ וואַרימען פריינד און שטיצער. די הסתדרות, אַ גרויסן אָנהענגער און טוער. דער יידישער קאַמיוניטי קאונסל מיט זיין פאַרצווייגטער טעטיקייט אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַ טיכטיקן ארבעטער, און אַלע ווערטפולע אינסטיטוציעס קריגן אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער מאָס אַ גרויסן חלק פון זיין ברויזענדער ענערגיע, פיל מער ווי זיין געזונטצושטאַנד דערלויבט אים.

אַ האַלבן יאָרהונדערט האָט י. לעוויט אָפּגעגעבן פאַר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ער קען מיט שטאָלץ קוקן אויף זיין לעבנסוועג. זיין ארבעט האָט געבראַכט פרוכטן און הגם ער האָט שוין ניט די כוחות פון די ייִנגערע יאָרן— זיין געזונט ליגט אין די באַוועגונגען און אינסטיטוציעס פאַר וועלכע ער האָט זיינע כוחות אַוועקגעגעבן—איז ער נאָך פול מיט ברויזנדער ענערגיע. זיין ארבעט איז וויכטיק, און מיר ווינטשן אים לאַנגע יאָרן פון געזונט און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ווייל בלויז אין געזעלשאַפטלעכע ארבעט געפינט ער דעם פולס פון זיין לעבן.

# י. לעוויט — דער „בן-הדור"

### פון ה. לאַנג

ס׳איז אַ געבענטשטער לעבן ביי איינעם, אויף וועמען מ׳קען זאָגן, אַז ער איז אַ „בן־הדור". און עס איז אָט דער טיטול, וואָס איך וויל געבן דעם יובילאַר פון לאָס אַנדזשעלעסער ייוואָ, מיין פריינט יודל לעוויט.

מיטלעבן געזעלשאַפטלעך מיט׳ן גאַנצן דור, דעם אייגענעם, מיינט צו זיין בפירוש אינטים מיט אַלץ וואָס געשעהט אין דעם גאַנג פון די יאָרן, פון דער יוגנט־צייט ביז׳ן עלטער, און דאָס איז אַ הויך־דערגרייכטע מדרגה. פעלקער שאַצן דערמיט זייערע קינדער און צייכענען אויס בלויז די, וועמעס לעבנס פליסן אינאיינעם מיט יעדער גרויסער סאָציאַלער געשעהעניש. קענען ווערן אָנגערופן „בן־הדור" ביי אונדז, מיינט אָבער אַ סך מער. עס מיינט איינהאַלטן אין זיך אַן אומשעצבאַרן לעבנס־רייכטום. מיר האָבן דאָך דורכגעלעבט אזוי פיל.

אזוי פיל איבערקערעניש, אזוי פיל רעוואָלוציעס, וועלטלעכע און אייגענע, אזוי פיל שטורייטן און איבערברוכן, אזוי פיל עקאָנאָמישע אומוואַנדלונגען, אַזוי פיל פּאָליטישע געשטאַלטונגען, אַזוי פיל גייסטיקע צערודערונגען, אזוי פיל געזעלשאַפטלעכע אויפטרייסלונגען.

און מ׳האָט עס געמוזט אריינבעמען אין זיך און איבערקאָכן עס מיט׳ן אייגענעם נשמה־פייער. און די מחנה פון אַזעלכע „בני־הדור" איז ביי אונדז ניט קיין קליינע, אָבער ס׳איז פאַראַן אויך אָפּגעצייכנטע אין דער מחנה. און צווישן זיי איז די לעוויט־געשטאַלט.

איך קלער וועגן די פינף מאָמענטן אין אונדזער דור׳ס לעבן, וואָס אין זיי איז דראַמע, צוזאַמל איוב־דראַמע, די גאַנצע טראַגיק פון גאָט׳ס ערד. און חלומות שוועבן איבער זיי. די פּאַרטרוימונגען פון אַ דור ביי אַ פאָלק, וואָס צער ביז יאָמער צו די הימלען און האָפענונג ביז משיח זיינען אינאיינעם אין זיין בלוט. און אָט וועלכע מאָמענטן דאָס זיינען געווען!

מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער לעבנס־צייט — מיר, די יוגנט, ביים אויפשיינען פון איצטיקן יאָרהונדערט — מיט׳ן איבערברוך אין אונדזערע היימען, מיט׳ן רעוואָלט קעגן דעם, וואָס מיר האָבן דעמאָלט אָנגערופן „תחום" און „געטאָ", און היינט האָט עס גאָר אַן אַנדער באַגריף. מיר זיינען שוין געווען קינדער פון דער השכלה, און מיר האָבן געזוכט צו טרייבן די רעוואָלוציע פון השכלה טיפער און ברייטער. מיר זיינען אַריבער צו סאָציאַליזם, און ס׳האָט פאַר אונדז ניט באַדייטעט בלויז אַ גערעכט לעבן פאַר׳ן אָרימאַן. אונדזער אביונת האָט געשפּילט דערין, אָבער דער עיקר איז אונדז געווען אַ נייע מענטאַליטעט און אַ נייע מאָראַל: סאָציאַליזם ווי אַן אמונה, מיט ביכער אנשטאָט ספרים, מיט מאַרקס אנשטאָט גמרא, מיט וועלט־שפּראַכן אנשטאָט איין לשון, מיט אויסבליק צו אַלע פעלקער אַנשטאָט ארייגבליק אין זיך, מיט גאַנג צו וויסנשאַפטלעכע אַקאַדעמיעס אנשטאָט צו ישיבות, מיט וועלט־אויסמישונג און וועלט־פרייהייט אנשטאָט פאַרהאַלטונג ביי די אייגענע פאָטערס. דער אימפּעט פון רעוואָלוציע האָט אונדז געטראָגן, און עס זיינען אויפגעקומען פּאַרטייען, דער „בונד" מיט׳ן סאָציאַליזם, און אויך דער ציוניזם, אין וועלכן עס איז אריין סאָציאַליזם. מיר פון יענער צייט, אונדזער יוגנט פון יענע טעג, דער בייער גייסטיקער אויפלויכט אין די שטעט און שטעטלעך פון אַ העלפט פון אַ קאָנטינענט, פון מזרח־אייראָפּע — אויף אַלע גאַסן און געסלעך, צי אין ווילנע, צי אין מינסק, אין וואַרשע, אָדער אין לובלין, האָט מען דעמאָלט געזען נייע יידישע קינדער. און אויף די אַלטע געסלעך פון דיסנע און פון דער אַלטער ווילנע איז געווען אויך אַ בחור׳ל יודל לעוויט, וואָס די נייע אַטמאָספערע איז געוואָרן זיינע, און ער איז געוואָרן אירער.

מיט די נייעסן, וואָס זיינען דעמאָלט אַרויף אויף אונדז, און מיט די פרייד פון יוגנט, וואָס דערין איז געווען, איז מיטגעקומען שרעק. בעת מיר האָבן געבראַכן אונדזערע היימען אינעווייניק מיט אויסבליקן צו מער ליכ־טיקייט, האָבן שכנים אונדזערע פון דרויסן, די סלאַוון, רוסן און אוקראַינער און פּאָלאַקן, זיך אַ לאָז־געטאָן צו אונדז מיט בייטשן און מיט העק; די יידישע הויז האָט זיך געטרייסלט אונטער פּאָגראָמען. ווי קעמפערישע קינ־דער, האָבן מיר באַלד זיך פאַרנומען צו זעלבסטשוץ. און ווי קינדער פון געדאַנק, האָבן מיר גענומען שאַפן אויך גייסטיקן ווידערשטאַנד. און מיר האָבן מיט אַ נייער חסידות געכאַוועט די נייע גייסטיקע שאַפונגען ביי אונדז, נייע תורה, נייע ליטעראַטור. נאָר כוחות האָבן געטריבן אַנדערשוואו, און עס איז אַנגעשטאַנען דער צווייטער גרויסער מאָמענט אין אונדזער דור׳ס לעבן, די אַמעריקאַנער אימיגראַציע, וואָס דאָס האָט שוין געבראַכט איבער־קערעניש אין דער גאַנצער יידישער עקזיסטענץ, ממש איבערגעשלאָגן אַלע יידישע פונדאַמענטן. און ערגעץ אין די וואַנדערונג־שטראָמען איז מיט־געשוואומען דערזעלבער בחור׳ל, יודל לעוויט, פון די גאַסן און געסלעך אין דיסנע און אין ווילנע. מיטגעשוואומען און אריינגעטרונקען אין זיך די גרויסע פסיכישע רעטעניש, וואָס די אַמעריקאַנער אימיגראַציע האָט אַנט־האַלטן: די גרויסע בענקשאַפט צו דעם, וואָס מ׳האָט אין דער אַלטער וועלט איבערגעלאָזן, און גלייכצייטיק מיט קאָפּ און האַרץ געווענדט פאַר־אויס, צו דער נייער ערד און די נייע הימלען.

אין דער אַמעריקאַנער אימיגראַציע שטייט דער קאַפּיטל „פּאַרווערטס״. און גלייך ביי זיין זייט איז דער קאַפּיטל אַרבעטער רינג. און אַרום זיי קלאַמערן זיך די בלעטער געשיכטע פון די יוניאָנס. און דורך זיי זעט מען ווי עס זאַמלט זיך אַן אַמעריקאַנער יידנטום, און ער צוגייט זיך אין קלאַסן, און זיי פאַרצווייגן זיך צו אַלע אויסגעשפּרייטקייטן פון דער נייער וועלט מיט כל׳ערליי אינסטיטוציעס און באַוועגונגען פאַר קולטור און ברודער־הילף, און עס לויכטן איבער זיי די אַמעריקאַנער פרייהייטן פון איין ברעג לאַנד צום אַנדערן, וואָס די צוויי אָקעאַנען, דער אַטלאַנטיק און דער פּאַסיפיק וואַשן זיי, די צוויי ברעגעס פון לאַנד. דער דיסנער יודל לעוויט רופט זיך אָפּ אין קאַליפאָרניע מיט שטעלן זיך אין דינסט ביים „פּאַרווערטס״ און ביים אַרבעטער רינג; און ער נעמט צונויפקלייבן די פון זיין דור, וועלכע האָבן געקרייצט דיזעלבע וועגן, פון די געסלעך צווישן אַלטע בית־עלמינס, וואָס אין דער ליטע און אוקראַינע און פוילן, ביז די קאַליפאָרניער סיעראַס און די וואַליס ביי לאָס אַנדזשעלעס.

געקרייצט דיזעלבע וועגן און געטראָגן דעמזעלבן באַגאַזש, זעק מיט עקאָנאָמישן דלות, אָבער אויך קערב מיט אידייען און אידעאַלן, און אין קאַליפאָרניע ווערט אַ נייע יידישע געמיינדע, וואָס לעוויט איז ביי איר ווי אַ בעל־תפילה. דער סידור איז אַ סאָציאַליסטישער, און אַלע הייליקייטן זיינען נייע, אָבער פון זיי הייליקט זיך פון־דאָס־ניי יידיש לעבן. און אַ ניי יידיש פאָלק וואַקסט דעמאָלט אַרויס איבער גאַנץ אַמעריקע; ממש טאַקע אַ פאָלק, מיט דער צויבערלעכער דינאַמיק פון אַמעריקע. פרייהייט ווערט אַ כח פאַר יידישער דערהויבנקייט, און די דערהויבנקייט איז אַ גלייכע אויף אַלע פונקטן פון גרויסן לאַנד, צי אין קאַליפאָרניע, צי אין ניו יאָרק, און אין אַלע פונקטן פון אַמעריקע נעמט ווערן אַ ניי יידיש פאָלק ווי אַ מיס־טעריעזער באַשאַף פון אַמעריקע׳ס געשיכטע.

נאָר אָט קומען מלחמות, די צוויי ביטערע טויט־ברענגענדע וועלט־מלחמות. און אונדזער פאָלק איבער די ימים פאַרגייט דערצו אין הונגער און אין פייער און אין בלוט דורך רשעות בלויז אויף אים. און די הימלען האָבן זיך פאַרמאַסטן קעגן אונדז מיט׳ן גאַנצן גיהנום, אַניאָגנדיק אויף אונדז אַלע מינים רשעים, וואָס דער אשמדאי קען פון זיך אַרויסברענגען. מיר ווערן אַזוי צוגעטריבן צום דריטן גרויסן מאָמענט אין אונדזער דור׳ס געשיכטע, גרויס מיט חושך און מיט יסורים; געשלאָגן פיזיש און גע־טראָמפּלט אויף אונדזער מענטשלעכן כבוד; געמאַכט צו שטויב דורכן קאָמוניזם און געברענט און פאַרברענט אין די העלישע פייערן פון נאַציזם;

און צוויי קעסלען מיט סם האָט די וועלט דערצו געקאָכט פאַר אונדז, דער סם פון שווידער, אַז מיר זאָלן זיך דערזען אָפּגעגאַרטע פון אַלע אידעאַלן פון אונדזער דור. האָט עס אונדז געשטיקט און געוואָרגן און אונדזערע הערצער צעפּרעסן אויך אין די פרייהייטן פון אַמעריקע, און מיר האָבן מיט ציין און נעגל זיך איינגעביסן אין דער וועלט און זיך געראַנגלט פאַרן לעבן. און מיר האָבן געשאַפן נייע באַוועגונגען, און מיט זיי ארומגעשוועבט, אַז זיי זאָלן אונדז זיין אַ נייע וואָפן אויף צו קענען ווייטער געדייען ווי אַ פאָלק. און וואָס אַנדערע „בני־הדור" האָבן געטאָן אַנדערשוואו, האָט דער קאַליפאָרניער „בן־הדור" געטאָן אין זיין קאַליפאָרניער אומגעבונג — מיטגעלעבט און מיטגעשוועבט און מיטגעיאָמערט און מיטגעשריען מיט אַלע ווינטן און אַלע באַוועגונגען און אַלע פייערן.

אזוי ביז אין דעם פערטן מאָמענט אריין — דער גאולה־מאָמענט, דער קאַמף מיט דער גאַנצער וועלט פאַר ישראל און דער ענדלעכער נצחון, נאָך צוויי טויזנט יאָר פאָליטישע יתומים אַ באַנייאונג פון מלוכה אין דער יידישער געשיכטע, וואָס געבראַכט דערצו האָבן אַלע אונדזערע „בני־הדור", אפילו די, וועלכע זיינען געשטאַנען ווי די היסטאָרישע פרושים, מער געווענדט צו דער אידייע, אַז ניט דוקא צו מלוכה צילט דער יידישער געדאַנק, נאָר דער עיקר צום קיום פון פאָלק דורך פאָלקס־גייסט.

דורכגעמאַכט אזוי פיל, און אַלע זיינען מיר גרא געוואָרן, און אויך דער „בן־הדור" פון דיסנע שטייט צווישן אונדז מיט א באַזילבערטן קאָפּ האָר; נאָר ווי מיר אלע שטייט ער דאָך איצט ביים לעצטן, ביים פינפטן גרויסן מאָמענט, זעט מען אים דאָ אין זיין אייגנאַרטיקייט. דאָ צייכנט זיך אָן זיין אייגן אָרט, זיין אינדיווידואַליטעט, זיין אייגן געשטאַלט, זיין פערזענלעכקייט.

דער פינפטער מאָמענט דערגאַנצט אַלע אַנדערע. ער איז דער סך־הכל, אונדזער דור׳ס לעצטע שורה, און דוקא א מונטערע. זי אָטעמט מיט שאַפונג. עס איז די צייט וואָס דער אַמעריקאַנער יידנטום קומט צו זיך, פאַרנעמט זיך מיט אויפשטעלן דאָס יידישע הויז, עס זאָל זיין איינגעפעסטיקט אין דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט און אויפגערוימט מיט אַלע זייטן פון דער יידישער טראַדיציע, פונקט אזוי ווי מיט אַלע ברייטקייטן פון אַמעריקאַנער פאַרנעם. יעדער שטאָט, יעדער קהילה, שטעלט אויס אינסטיטוציעס, פאַרמערט טעמפּלען און סענטערס, וואָרצלט איין צדקה, אָרגאַניזירט קאָונסילס האָספּיטאַלס, בויט יידישע ציוויליזאַציע און קולטור, פון תלמוד־תורה׳ס ביז קאַלעדזשעס. און דער ציל דערפון איז ניט צו זיין אַן אינדזעלע אין אַן אָפּשרעקנדן ים, נאָר צו זיין אייגן אי מיט דער סביבה, אי מיט׳ן אויפגעקומענעם יידישן לאַנד אויף די בערג און טאָלן, וואָס אויף זיי האָבן געטראָטן די ערשטע יידישע שבטים. מיר האָבן אונדזערע סינטעזן, און אַמעריקע פאַרשטייט אונדז, בויען מיר איצט די יידישע ציוויליזאַציע און קולטור אויף אַלע אַמעריקאַנער שליאַכן; און אין לאָס אַנדזשעלעס טוט זיך עס דורך אַן אייגנעם שאַפונגס־פּראָצעס; און ביי דעם זעט מען יוליוס לעוויט׳ן אין דער ראָל פון אַ „בן־העיר" פונקט אזוי ווי פון אַ „בן־הדור". ער שטייט ווי אַ גרינדער פון אַ ישוב.

לאָזט פון זיך הערן אַן אינסטיטוציע, ווייסט ער איר פאָרגעשיכטע איר אָנהויב. און ניט דורך סתם באַאָבאַכטונג פון אָן דער זייט, נאָר דורך אַ מאָס מיטהילף בעת מ׳האָט זי געפּלאַנט און פאַרלייגט איר פונדאַמענט. און און אויף די רייסטערס פון מענטשן אין זיין פּנקס שטייען אויפגעשריבן רבנים ווי סאָציאַליסטן, דאָקטוירים ווי טוערס פון אַרבעטער רינג, סוחרים ווי יוניאָן־לייט, לאָיערס ווי אַרבעטער פירער. זיי שטייען מיט זייער „בראשית" און מיט זייער „חזק ונתחזק", מיט זייער קומען צו דער ליכטיקער וואַרעמקייט פון זיד־קאַליפאָרניע און מיט זייער שטייגונג און דערגרייכונגען, ווער פון זיי דערגאַנגענע ביז׳ן סאַמע שפּיץ פון לייטער, צו גאָר גרויסן רייכטום. און טרעפט ער אַזעלכע אויף די געזעלשאַפטלעכע פעלדער, שפּילט דעמאָלט דער ניגון פון זיין סאָציאַליסטישן אָפּשטאַם: זיי זיינען

די אויפגעקומענע גבירים, און ער איז דער פֿאַרבליבענער אַרבעטס־מענטש מיט כלל־זאָרג צו וועקן ביי זיי סענטימענטן צו טאָן וואָס מער גוטס, געבן מער פון זייער אייגנקונפטן פֿאַר דער און יענער כלל־באַדערפניש.

איז דאָס אַ גרויס־היסטאָרישע מיסיע אין דער שטאָט לאָס אנדזשעלעס, וואָס אויף אירע ממש אומענדלעכע צעשפּרייטקייטן קומט איצט אויף אַ נייער, ממש אונענדלעכער יידישער צענטער — און דאָס איז דער שכר פֿאַרן דיסנער און ווילנער און לאָס אַנדזשעלעסער „בן־הדור״...

---

מיר שיקן אונדזער האַרציקע באַגריסונג צו אונדזער ליבן פריינד, **י. לעוויט!**

אונטערצייענדיק א סך הכל פון זיינע 50 יאָר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט מעג ער זיכער זיין שטאָלץ פון די רעזולטאַטן. זיין פּיאָנערן אַרבעט לטובת אונדזער באַוועגונג, זיין אלזייטיקע, קאַלירפולע טעטיקייט פאַר די פּאָר צענדליק יאָר וואָס ער געפינט זיך אין לאָס אַנדזשעלעס האָבן זיכער בייגעטראָגן צו דער עטאבלירונג, דעם וואוקס און אנטוויקלונג פון אַלץ וואָס דער ארבעטער רינג און אונדזער באַוועגונג און אין דעם אידישן לעבן בכלל שטעלן מיט זיך פּאָר אין לאָס אנדזשעלעס.

מיר ווינטשן אים און זיין משפחה נאָך פיל יאָרן געזונטע, גליקלעכע. זאָל ער ווייטער דינען דעם ארבעטער רינג און אלע צווייגן פון אונדזער באַוועגונג און זען דערפאָלג און דערגרייכונג אין אַלץ וואָס אונדזער אָרגאַניזאַציע און אונדזער באַוועגונג שטעלן מיט זיך פּאָר.

## נאַציאָנאַלע עקזעקוטיוו קאָמיטע ארבעטער רינג

ל. אַרקין, פּרעזידענט
י. עבעריל, וויים־פּרעזידענט,
י. וויינבערג, טרעזשורער,
י. באַסקין, גענעראַל סעקרעטאר,
ב. געבינער, געהילפס גענעראַל סעקרעטאר,
נ. כאַנין, בילדונגס דירעקטאר,
וו. סטוירן, דירעקטאר פון דער יוגנט ע״ש אָפּטיילונג.



# דער געזעלשאַפטלעכער מענטש און דער כלל

## אַ פּאָר ווערטער אין שייכות מיט דעם פופציק יאָריקן געזעלשאַפטלעכן יובל פון

## י ו ד ל  ל ע ו ו י ט

### פון ה. רויזענבלאַט

וואָס איז דער תוך און דער זין פון געזעלשאַפטלעכע מעשים אין שייכות מיטן געזעלשאַפטלעכן עסקן? — אין תוך גענומען — אַ נאַאיווע פראגע. וואָס הייסט, וואָס באַצוועקט דער געזעלשאַפטלעכער טוער מיט זיין טעטיקייט לטובת־הכלל? עס איז דאָך אַזוי קלאָר, ווי אַ האָר אויס דער מילך! ער קאָן ניט זיין אַנדערש ווי ער איז... אין אים לעבט אַזאַ שעפערישער כוח, וואָס טרייבט און שטויסט אים צו שעפערישע געזעלשאַפטלעכע מעשים. ער איז, אין דעם פרט בבחנת קינסטלער — דיכטער, מאלער, סקולפטאָר, וויסנשאַפטלער, פאָרשער אז״וו. ער זוכט צו אויסבעסערן, דערהייבן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן ארום זיך — לטובת זיך און זיינע מיטמענטשן. ער זוכט צו זיין דער צעמענט, וואָס זאָל צעמענטירן די פאַרגאַנגענע דורות מיט די קומענדיקע . . . כדי דאָס צו זיין, — מוז ער קודם־כל פאַרמאָגן שעפערישן טאַלאַנט. צום טאַלאַנט — און דאָס איז שוין זעלבסטפאַרשטענדלעך — וויזיע, אימפולס, אָפּפערווויליקייט; זיין גרייט מקריב צו זיין אַ טייל פון זיין פערזענלעכער באַקוועמלעכקייט, זיין אייגן גליק, און אפילו א טייל פון זיין טייער לעבן. ווארום, — דער אויפריכטיקער, ערלעכער כלל־טוער איז ניט זעלטן זיך אליין מקצר די יאָרן . . . ער מוז ביי זיך פועלן צו איגנאָרירן די קאַפּריזן פון דער וועלט ארום אים. ער מוז נעמען אויף זיך אַ נדר בייצושטיין שווערע נסיונות; איינהאַלטן דעם יצר־הרע, בעת ער שטייט אין קאָנפליקט מיט די מיינונגען פון זיינע מיט־מענטשן; — נישט צו פאַרלירן דעם באַלאַנס . . . איזהו גבור הכובש את יצרו — אַן אַלט־איינגעהזרטער דעוויז. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ ווענדט זיך אין דער מדרגה פון זיינע פונקציעס לגבי זיינע געזעלשאַפטלעכע פליכטן. דער רעוואָלוציאָנער, למשל, איז אפילו גרייט איינצושטעלן זיין אייגן לעבן — פאַר זיין קלאַס, זיין פאָלק, אָדער, דער מענטשהייט, ווי, אָדער כמעט דער וויסנשאַפטלער, בעת ער עקספּערימענטירט מיט די פאַרבאָרגענע, סודותדיקע נאַטור־עלעמענטן, אין שייכות מיט זיינע אַמביציעזע צילן . . .

געזעלשאַפטלעכע עובדא איז, אין די לעצטע יאָרן, געוואָרן אַן ערנסטע פראָפעסיע, כמעט אַ קונסט, צו וועלכער דער געזעלשאַפטלעכער טוער דאַרף זיך גרייטן, שטודירן, דורכגיין אַן אוניווערסיטעט און דורכמאַכן אַן עקזאַמען כדי צו זיין נוצלעך און דערפאָלגרייך אין זיין געביט. און ערשט, נאָך אלעם דעם — פאַרמאָגן איינגעבוירענעם, אינערלעכן טאַלאַנט. דאָס איז דער תוך. וואָס איז דער זין פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט? פאַרוואָס האָט די השגחה־עליונה איינעם געבענטשט (אָדער פאַרשאָלטן) מיט דער טבע צו זיין אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, און דעם צווייטן האָט זי אויסגעמיטן? וואו ליגט דאָ דער שכר, די פאַרגיטיקונג פאַר דעם געזעלשאַפטלעכן עסקן? אויף די פראַגעס האָט די וועלט פאַרשיידענערליי פירושים.

ואלו הן:

א) דער געזעלשאַפטלעכער טוער (ווי דער קינסטלער) איז אויסן—כבוד! ב) ער איז אויסן — זיך צו דערהייבן איבער זיינע מיטמענטשן. ג) ער וויל, דורך זיינע מעשים־טובים, אָפּשפּאָרן אַ היפּשן חלק עולם־הבא, אויף „יענער וועלט“. ד) דאָס איז אייגענטלעך ביי אים אַ מין גדלות, גאוה. ה) ער באַצוועקט, דורך זיינע מעשים, זיך איינצוקויפן — אומשטערבלעכקייט. און, נאָך אַנדערע עגאָאיסטישע כוונות האָט דער באַטרעפנדיקער כלל־טוער אין זין. אין יעדער פון די אַלע אויסגערעכנטע כוונות ליגט אפילו אַ שמץ פון אמת. פונדעסטוועגן איז פאָרט יעדער „שמץ“ אמת נישט נאָר אַ קללה פאַר דעם כלל־טוער, — נאָר פאַרקערט — אַ גאָט־בענטשונג פאַר אים, ווי

פאַר דער סביבה, אין וועלכער ער, מיט אונדז אינאיינעם, לעבט און ווירקט. אָן אָט די אַלע אויסגערעכנטע „כוונות" וואָלט דער מענטש געוואָרן אַ שטעכעדיקער דאָרן, און די וועלט אַרום אים — אַ נאַקעטער מדבר. אָט די אַלע אייגשאַפטן — ווי מיר זאָלן זיי ניט אויסטייטשן — זיינען פאָרט די געבענטשטע סטימולן, אימפּולסן, אילוזיעס, וואָס שטויסן דעם שעפערישן כלל־טוער צו מעשים; — מעשים וועלכע רעפאָרמירן, בעסערן אויס דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אַרום אונדז.

וועגן ענין „אומשטערבלעכקייט" איז כדאי, ביי דער געלעגנהייט, אַרויסצוזאָגן אַ פּאָר געדאַנקען, בקיצור. אָט, וועגן דעם ענין „אומשטערבלעכקייט" האָט שוין די מענטשהייט פאַרשווענדט בערג מיט ווערטער, פאַרגאָסן ימים מיט טינט און טרערן, און עד־היום־הזה איז דער דערמאָנטער ענין געבליבן אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון האָניק און גאַל... אָפט קומט אונדז אויס צו הערן אָט־אָ־די פּעסימיסטישע פילאָסאָפיעס: „דאָס לעבן פון מענטשן איז דאָך אַזוי קורץ, און דאָס שטאַרבן אַזוי צופעליק און טראַגיש". דאָס געשריי: „הבל הבלים הכל הבל!" האָט זיך שוין אַזויפיל מאָל באַשטעטיקט, און איז אָנגענומען געוואָרן אין דער פּעסימיסטישער פילאָסאָפיע ווי אַ געשוואוירענער אמת... היינט, — צו וואָס האָרעוועט פאָרט דער מענטש? וואָס פאַר אַ פּערזענלעכן, אייגננוציקן שכר האָט ער פאַר זיינע שעפערישע מעשים? „שטאַרב איך שטאַרבט די וועלט מיט מיר", איז געוואָרן אַ טיף איינגעזהרטער דעוויז. וויפיל מאָל האָבן מיר שוין געהערט דאָס הייזעריקע געשריי פון דער „צדקה־פּושקע", באַגלייטנדיק דעם מענטשלעכן חומר צו זיין אייביקער רו: — „צדקה־תציל־ממות", ווי עפּעס אַ מין איראָניע, חוזק איבערן לעבן, קלינגט מיט דער הייזעריקער קלאַנג. און דאָך פאַרלייקענען מיר דעם טויט, ווי ער וואָלט זיין נישט מער ווי אַ פּוסטער חלום, אַן אויסטראַכטעניש, און מיר יאָגן זיך נאָכאַנאַנד נאָך נאָכן שאָטן פון אומשטערבלעכקייט. איז פלוג איז דאָך פאָרט די אילוזיע פון אומענדלעכקייט עפּעס מער ווי דער טראַגישער אמת — טויט. זעען מיר דאָך, ווי דער קינסטלער וועבט זיינע חלומות און חלומט זיי אַריין אין זיינע ווערק — מאָנומענטן, וואָס בלייבן נאָך אים, ווי אַ ירושה פאַר די קינפטיקע דורות. זעען מיר, ווי דער עושר — אויב ער האָט געהאַט ביים לעבן אַ גוט, איידל האַרץ — לאָזט איבער נאָך זיך, ווי אַ מאָנומענט — דענקמאָלן אין געשטאַלט פון צדקה, אינסטיטוציעס, אָדער — פאָנדן מיט וועלכע עס ווערן אויסגעהאַלטן אוניווערסיטעטן; פאָנדן, סטיפּענדיעס פאַר שטודירנדער יוגנט; פאַרמעגנס צו שטיצן און דערמוטיקן שעפערישע קינסטלער — ליטעראַטור פּרעמיעס. יעדער בעסערער מענטש זוכט צו פאַר'המשכ'ן זיין לעבן — אין אומשטערבלעכקייט! די כוונות פון קינסטלער, ווי פון דעם פּשוטן בשר־ודם, מיט אַ גוט האַרץ, זיינען פאָלגלעך די זעלבע. אייביקייט, אומשטערבלעכקייט. דאָס ליגט שוין אין דער טבע פון דעם בעסערן מין מענטש. איז טאַקע אַ זינד, מצד זיינע מיטמענטשן, אויסצוטייטשן צום שלעכטן זיינע כוונות, — ווען אפילו עס שימערט פון זיי אַרויס אַ קאַפּעטשקע גאווה, זעלבסט־באַרימעריי. אָט־אָ־די מענטשלעכע שוואַכקייט איז דאָך סוף־כל־סוף פאָרט דער טרייב־כוח, וואָס שטויסט אים צו מעשים, רעגט אים אָן צו גיין אויפן דרך־הישר... פאַרגעסן דאַרפן מיר; פאַרגעסן און פאַרגעבן די מענטשלעכע „שוואַכקייט" צוליב די דערגרייכטע גינסטיקע סך־הכל'ען זיינע, און אים בענטשן פאַר די מעשים־טובים, וועלכע בלייבן נאָך אים.

זונטיק, דעם 16טן מערץ, בייטאָג, וועלן פריינט, נאָענטע חברים קומען אין זאַל פון דעם אַמבאַסאַדאָר האָטעל, כדי צו גראַטולירן, צאָלן אַנערקענונג, דערפרייען איינעם פון אונדזערע — חבר יודל לעוויט צו זיין פאַררונדיקן אַ האַלב יאָרהונדערט פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. איז דאָס אונדזער אַלעמענס פרייד אויסצושטרעקן אים אַ וואַרעמע, חברישע האַנט, און אים ווינטשן אריכת ימים ושנים. זאָלן זיינע אַנטקעגן קומענדיקע יאָרן אים און זיין געטרייער לעבנס־באַגלייטערן און אַלע זיינע נאָענטסטע ברענגען אַסך גליק און פרייד טאַקע אין זיין אַרבעט פאַר אַ בעסערער און שענערער וועלט. און איך, — ווי דער פאָרזיצער פון היגן ייווא־קאָמיטעט — אין

נאָמען פון היגן ייוואָ־קאָמיטעט, און אין מיין אייגענעם נאָמען ווינטש אונדזער חשובן יובילאַר, יודל לעוויט, אַז מיר זאָלן, אין די יאָרן, וואָס עס איז אונדז באַשערט צו זיין אויף גאָטס ערד, צוזאַמען אַרבעטן און האַר־מאָניש ווי מיר האָבן געאַרבעט אין די פאַרגאַנגענע יאָרן. עס איז געווען גוט, צום טראָץ פון אונדזערע פאַרשיידענע פּאָליטישע אידעאָלאָגיעס, אָפּטע מיינונג־פאַרשיידנקייטן, צו אַרבעטן מיט אייך צוזאַמען.

מיט חברשער ליבשאַפט, אייער

ה. רויזענבלאַט.

---

# Greetings for Julius Levitt Journal

March 3, 1952

About Julius Levitt little can be said that has not already been spoken . . .

Every so often, a man is born whose only mission in life is to serve his fellow man. Julius Levitt is such a man. He has proved, beyond a shadow of a doubt, that worldly possessions mean little to him, and that he can be happiest when rendering a service to his people and to his community.

For half a century now, Julius Levitt has given of himself, freely, and without recompense. He has not sought glory, finding in this humanitarian service the peace of mind that makes for a happy and complete life. His course of action has elevated him to a position of high esteem, with good cause.

We honor Julius Levitt now because of this worthy and enviable record of good works. The example he has set befits a man of great character, and we, in paying homage to him, pray that he may continue for many years to follow the course he has set for himself . . . a course that cannot help but mark a man of great character.

SAMUEL H. GOLTER

Executive Director

CITY OF HOPE

# געזעלשאַפטלעכער וועטעראַן

## פון י. ליסאַן—אָוקלאַנד, קאַליפאָרניע

עס גלויבט זיך קוים, אַז שוין העכער 25 יאָר זיינען פאַרגאַנגען, זינט איך האָב זיך באַקאַנט מיט פריינד יודל לעוויט. שוין בײַ דער ערשטער באַקאַנטשאַפט, האָט ער אויף אונדז אַלעמען געמאַכט אַ וועקנדיקן איינדרוק. אַן ערנסטער קוק, הויך און שטאַלץ אין וואוקס. זיין דינאַמישער ווילן און ענערגיע צו דערגרייכן, צו אויפטון — פלעגט שטענדיק האָבן אַ וועקנדיקע און מאַנענדיקע ווירקונג אויף די אַרומיקע.

לעוויט באַזיצט אַ שלל מיט בריענדיקער ענערגיע. ער באַלאַנגט, וואָלט איך געזאָגט, צו די זעלטענע עקזעמפּליאַרן פון מענטשן, וועלכע זיינען געבענטשט מיט אימפּעט פון שטענדיקער גרייטקייט עפּעס צו טאָן און טאַקע אויפטאָן. נאָך מער: לעוויט איז, אין פרט פון ענערגיע און ווילן, אַן אויסנאַם אפילו צווישן די זעלטענע עקזעמפּליארן. איך זאָג אַן אויסנאַם, ווייל צווישן יענע זעלטענע וואַרפן זיך אָפט דורך אַזעלכע, וועמענס טומל איז גרעסער ווי זייער אויפטו. לעוויט איז אָבער געקנאָטן פון לגמרי אַן אַנדער טייג. איך וואָלט אים אָנגערופן אַן עסקן פון מעשים.

מיר זיינען באַקאַנט פיל געזעלשאַפטלעכע ענינים, אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, וואו לעוויט האָט מיט זיין אימפּעטיקער ענערגיע און ערנסטקייט—אָנגעצונדן אויך דעם ווילן און גייסט פון אַ סך אַרומיקע, וועלכע וואָלטן, מיט זייער אייגענעם שטייגער און איינשטעל פון טעטיקייט, קיינמאָל ניט באַוויזן צו אויפטאָן אַזאַ סכום אַרבעט און דערגרייכונג, ווי דאָס איז געווען אונטער לעוויט׳ס השגחה.

ניט זעלטן איז צו באַמערקן אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן עסקנים, וועלכע דערגרייכן אויך רעזולטאַטן און גאַנץ וואַגיקע מעשים. אָט יענער טיפּ עסקן אָבער, ווערט, אין פּראָצעס פון זיין אַרבעט און באַזונדערס ווען ער הויבט אָן צו שטייגן אויפן לייטער פון דערגרייכונגען — ווערט ער פאַרטשאַדעט און וויקלט זיך אַרום, אפשר אַליין ניט באַמערקנדיק, מיט פאַרשידענע קאָמפּלעקסן פון גאווה און אַנערקענונג. עס איז כמעט ניטאָ קיין גרעניץ צו זעטיקן זיין כבוד־הונגער. צוזאַמען מיט אָט דעם דערמאָנטן טשאַד — וואַקסט, ביים באַטרעפנדן, בהדרגהדיק אויך אויס אַ זיכערקייט, אַז ער איז שטענדיק גערעכט, ער איז שטענדיק קלוג, שטענדיק לאָגיש־קאָנסעקווענט און אַפילו שטענדיק פּראַקטיש. ער הויבט אָן צו משפטן דעם גאַנצן אַרום מיט זיין באַשטימטער וואָג און מאָס. די דאָזיקע מאָס איז: איז יענער מיט אים — איז גוט. איז חלילה יענער ניט מסכים מיט אים — איז יענער ניט גערעכט. איך מיין ניט צו זאָגן, אַז לעוויט איז לויטער פריי פון אָט די דאָזיקע אַלע שטרויכלונגען. ניין! עס איז אפשר גאָרניט בנמצא אַזעלכע געזעלשאַפטליכע עסקנים, וועלכע זיינען באַפּאַנצערט מיט אַזאַ דורכאויסיקער אימיוניטעט. איך רעד דאָ נאָר וועגן דער מדרגה פון אָט יענעם מין כאַראַקטער. לעוויט איז געבענטשט מיט אַ זייער וואַגיקער אייגנשאַפט, וואָס איז עלול ניט צו דערלאָזן, אַז דער טשאַד פון דערפאָלג זאָל אים איינשלינגען. און דאָס איז דערפאַר, ווייל לעוויט איז דורכאויס ערלעך.

לעוויט האָט אויך זיינע קאַפּריזן, ווי יעדער אַקטיווער מענטש אין דער געזעלשאַפט. מיר איז אויסגעקומען צו זען אים אויך אין דער דאָזיקער פּאָזיציע, ווען ער פאַרעקשנט זיך און ס׳איז ניט גאָר גרינג אים צו באַווירקן. מען מוז אָבער אונטערשטרייכן, אַז זעלטן און אפשר טאַקע קיינמאָל ניט, האָט אַזאַ זאַך פּאַסירט צוליב ביליקער פּאָליטיק. איך וויל אים דאָ ניט פאַרטיידיקן, אַז ער איז שטענדיק גערעכט. איך וויל בלויז זאָגן, אַז אויב ער איז ניט שטענדיק גערעכט — איז ער אָבער שטענדיק אויפריכטיק און ערלעך. און דאָס איז אַן אייגנשאַפט, וואָס וואַרפט זיך ניט אָפט אין די אויגן בײַ געזעלשאַפטלעכע עסקנים.

איך האָב לעוויטן באַגעגנט אין נאָענטן קאָנטאַקט פון ארבעט, פון טעטיקייט — סיי אין לאָס אַנדזשעלעס, סיי אין אָוקלאַנד און אויך אין אַנדערע שטעט. איך האָב לעוויטן געזען אין שטימונגען פון גוטמוטיקער טעטיקייט און פאַרקערט — אין קריגערישע שטימונגען. אָפט האָט זיך מיר געדוכט, אַז ער איז ניט גערעכט: ניט אין זיין פאַרטייטש און ניט אין זיין האַנדלונג. איך האָב אָבער שטענדיק געהאַט דעם פולן רעספּעקט צו אים, ווייל איך האָב שטענדיק געפילט, אַז ער איז אויפריכטיק און שפּילט ניט קיין מוטנע פּאָליטיק ווי עס טרעפט באַ אַנדערע.

פאַר מיר און מיין פרוי, איז לעוויט ניט נאָר אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, נאָר אַ זייער נאָענטער פריינד, אַ הויז־פריינד. עס האָט ניט פּאַסירט, אַז מיר זאָלן זיין אין לאָס אנדזשעלעס, אָדער ער אין אָוקלאַנד און מיר זאָלן ניט באַזוכן איינע די אַנדערע.

איך און מיין פרוי שיקן אונדזערע האַרציקע ברכות צו אייך און אייער פאַמיליע, ליבער פריינט לעוויט, און ווינטשן אייך נאָך לאַנגע יאָר פון געזונט און פראָדוקטיווער, פרוכטפולער אַרבעט לטובת דעם יידישן כלל.

---

## מיין ברודער איז מיר נאָכגעגאַנגען

### פון יצחק לעוויט

יודל איז טאַקע געגאנגען זיין אייגענעם וועג, און איצט ווען מען פייערט 50 יאָר פון זיין וועג אין לעבן, קאָן איך זיין אַן עדות, דאָס ער איז ניט געגאַנגען ביים ברעג אָדער אין אַ ווינקל, נאָר אימער אין פאָראויס. און זיין טראָט האָט געלאָזן טיפע קענטיקע צייכנס, אָבער געאָגדאַפּיש, איז ער מיר נאָכגעגאַנגען.

איך בין געווען דער ערשטער צו פאַרלאָזן מיין געבורטס־שטעטל דיסנע און קומען קיין ווילנא, וואו יודל איז שפּעטער געקומען. איך בין געווען דער ערשטער צו קומען קיין אַמעריקע, וואו איך האָב שפּעטער אַראָפּגעבראַכט יודלען, ווען די ערד אין ווילנא איז געוואָרן צו הייס פאַר אים, און שפּעטער איז יודל מיר נאָכגעגאנגען אין לאָס אנדזשעלעס, וואו איך בין פריער געקומען.

איך דערמאָן זיך אַן אינטערעסאַנטן אינצידענט. יודל איז געווען אַ בונדיסט און ניט בלויז אין נאָמען. און פאַר זיין טעטיקייט אין בונד האָט ער אָפט געקראָגן פרייע לאָזשי אין די ווילנער טורמעס. און איינמאָל פאַר דעם ערשטן מיי, ווייסנדיק דאָס יודל, צוליב זיין הויכן וואוקס, וועט זיין פון די ערשטע באַמערקט צו ווערן פון די צאַרישע בלוט־הינט וואָס האָבן שוין אויף אים געהאַט אַן אויג, האָט אים די באַוועגונג געראַטן צו פאַרלאָזן ווילנא און אויסבאַהאַלטן זיך ביז איבער דעם ערשטן מיי.

איך בין דאַן געווען אַ סאָלדאַט אין דער צאַרישער אַרמיי. איך בין געווען א שרייבער אין דער קאַנצעלאַריע אין דער ארמיי אין קאָוונע, און יודל האָט אויסגערעכנט דאס דער בעסטער פּלאַץ זיך אויסצובאַהאַלטן איז ביי מיר אין דער קאַזאַרמע. און איך געדענקט עס פונקט ווי עס וואָלט נעכטן געשען, ווען גראדע אַ יידישער סאָלדאַט האָט זיך פאַר מיר אויסבאַרימט דאָס ער וועט דעם ערשטן מיי קאַטעווען די סאָציאַליסטן וואָס ווילן אַראָפּוואַרפן דעם צאַר. פונקט דאַן האָט מען מיר אָנגעזאָגט דאס מיין ברודער שטייט ביים טויער און וויל מיך זען.

איך וואָלט געקענט דערציילן אַ היבשע צאָל קלענערע און גרעסערע אינצידענטן וואָס וואָלטן ארויסגעבראכט יודל׳ס טעטיקייט סיי אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און סיי אין אַלגעמיינעם יידישן לעבן, א טעטיקייט וואָס האָט זיך אַרויסגעזען העכער, פונקט ווי זיין פיזישער וואוקס. און איך קען נאָר זאָגן דאס דער כבוד וואָס ווערט אים היינט צוגעטיילט איז אַ כשר פאַרדינטער כאָטש א ניט געזוכטער. איך ווינטש אים לאַנגע יאָרן און זאָל גיין זיין אייגענעם וועג.

# יודל לעוויט׳ס יובילײ פײערונג איז אַ געזעלשאַפטלעכער יום טוב

פופציק יאָר געזעלשאפטלעכע טעטיקייט פון יודל לעוויט, מענעדזשער פון לאָס אנדזשעלעסער אָפּיס פון „פאָרווערטס״, איז מער ווי אַ יום טוב פון אַ יחיד. און מער ווי דער יום טוב פון איין אָדער אַנדער געזעלשאַפטלעכער אינסטיטוציע אין וועלכע דער בעל היובל איז ספּעציעל פאַראינטערעסירט און איז דאָרט באַזונדער טעטיק. עס איז אַ געזעלשאַפטלעכער יום טוב פון דעם יידישן ישוב אין לאָס אנדזשעלעס.

פון די 50 יאָר אין וועלכע י. לעוויט האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געזעל־שאַפטלעכער טעטיקייט האָט ער 42 יאָר געלעבט און געווירקט אין לאָס אַנ־דזשעלעס. אין די 42 יאָר איז דער יידישער ישוב אין לאָס אנדזשעלעס, פון אַ קליין אונבאַדייטנד הייפעלע אויסגעוואַקסן צו דעם צווייטן גרעסטן יידישן ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן, מיט אַ ריזיק פאַרבווייגטער געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט, מיט גרויסע באַרימטע אינסטיטוציעס, ווי די „שטאָט פון האָפענונג״, מאונט סיני האָספּיטאַל און קליניק, וואָס באַדינט פריי טויזנטער פּאַציענטן מאָנאַטלעך, און אויפ׳ן וועג אויסצובויען איינעם פון די פּראַכט־פולסטע האָספּיטעלער אויף דער וועסט סייד, און אַנדערע גרויסע אינסטי־טוציעס.

מיר זיינען באַוואוסטזיניק אין דער ראָלע פון דער עפנטלעכער מיינונג און דעם פּראָצעס פון בויען און אויסהאַלטן די און אַנדערע אינסטיטוציעס וואָס זיינען אָנגעוויזן אויף דעם אינטערעס וואָס זיי רופן אַרויס ביי די פאַר־שידענע אָרגאַניזאַציעס, לאַנדסמאַנשאַפטן, יוניאָנס, קלובן און יחידים, און אין דער דרינגענדער נויטווענדיקייט זיי צו שטיצן און מר. לעוויט האָט ניט נאָר געהאלטן אָפן די אַלע יאָרן די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס״ פאַר איב־פאָרמאַציע און פּובליסיטי, נאָר האָט גענומען אַ פּערזענלעכן אינטערעס. אין דעם דערפאָלג פון אַ גרויסער צאָל אינסטיטוציעס און איז אין גאָר אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם פּערזענלעכן אינטערעס פון יובילאַר און פון „פאָרווערטס״ וועמען ער פאָרטרעט.

דאָס קען געזאָגט ווערן ניט בלויז וועגן די וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, נאָר וועגן דעם גאַנצן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם פון יידישן לעבן דאָ אין שטאָט. אָבער מיר זיינען הויפּטזעכלעך פאַראינטערעסירט אין מאונט סיני און דאָ מער ווי וואו עס איז אַנדערש קאָנען אפשאצן י. לעוויט׳ס ביישטייער צו דער אינסטיטוציע.

די פאַרוואַלטונג און דירעקטאָרן באָארד פון מאונט סיני האָספּיטאַל און קליניק, שליסן זיך אָן אין דער פייערונג פון 50 יאָר געזעלשאפטלעכע טע־טיקייט פון י. לעוויט, און ווינטשן אים לאַנגע יאָרן פון געזונט און גוטער אַרבעט פאַר אַלע ווערטפולע אינסטיטוציעס. און מאונט סיני איז זיכער אַ ווערטפולע אינסטיטוציע צו וועלכער מיר האָפן איר וועט נאָך לאַנגע יאָרן געבן אייערע ווערטפולע ביישטייערונגען.

סעמועל פּענזיק, פּרעזידענט

א. מארק, עקזעקוטיוו דירעקטאָר.

# אונדזער יודל לעוויט

## פון ב. סוראסקי

פאַרזיצער פון לאָקאַל 97 און וויצע פאָרזיצער פון דער
קלאָוקמאַכער דזשאָינט באָארד

מיר פייערן דעם 50 יאָריקן יום טוב פון אַ גוטן חבר און אַ האַרציקן פריינט. אַ יום טוב וואָס נעמט אַרום 50 יאָר פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פון חשובן פריינט י. לעוויט.. איך נעם אָן אַז פאַרשיידענע אָפּשאַצונגען וועלן געגעבן ווערן וועגן אונדזער פריינט י. לעוויט. ער איז געווען טעטיק אויף פאַרשיידענע געביטן. זיין לעבן איז קאָלירפול. איך בין זייער פאַראינטערעסירט אויף אַ געוויסן געביט אין וועלכן י. לעוויט האָט זיך אויסגעצייכנט. דאָס איז די יידישע ארבעטער באַוועגונג בכלל און די אלגעמיינע באַוועגונג בפרט. אָט אויף דעם געביט פאָדערט זיך אַ מער גרינטלעכע אָפּשאַצונג, ווייל לעוויט האָט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן געווידמעט און געדינט טריי דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג. אין דעם מאָמענט וועל איך זיין בקצור.

איך האָב געהאט דעם כבוד זיך צו באַקענען מיט אונדזער יובילאַר אין דעם יאָר 1926 אין לאָס אנגעלעס. אין משך פון דער גאַנצער צייט ביז איצט, האָב איך באַאָבאַכט לעוויט׳ס טעטיקייט אויף דעם געביט פון דער אַרבעטער באַוועגונג. איך האָב געזען ווי לעוויט האָט ארויסגעוויזן אַ טיפן לעבעדיקן אינטערעס אין יעדער קאַמף און קאָנפליקט וואָס די אַרבעטער באַוועגונג איז דורכגעגאַנגען. מיט זיין גאַנצן וועזן האָט ער געדינט אויפריכטיק די אידעאַלן און פּרינציפּן פון דער אלגעמיינער אַרבעטער באַוועגונג טאָג איין טאָג אויס ‫אי זער געשטאַנען אויף זיין פּאָסט אַלס לערער וואָס האָט געוועקט און געמוטיקט די יידישע ארבעטער פאַר אַ שענערן און מענטשלעכן לעבן.

לעוויט, איינער פון פאָלק, האָט תמיד אָפּגעשפּיגלט דעם לעבן און קאַמף פון יידישן אַרבעטער. לעוויט אַלס פּאַרטרעטער פון אַ יידישער אַרבעטער צייטונג, האָט תמיד געהאַלטן אָפן ברייט די טירן פון זיין אָפּיס פאַר די יידישע אַרבעטער. מיט זיין הייטער פריינטלעכער באַציאונג האָט ער אָנגעפילט מיט וואַרעמער ברידערלעכקייט די הערצער פון יעדער יידישן ארבעטער. זיי האָבן געפונען אין לעוויט׳ן אַ האַרציקן פריינט. וואָס האָט פארטראָטן די ארבעטער באַוועגונג. לעוויט מיט זיין וואָרט און פען האָט געהאָלפן פורעמען די היינטיקע מעכטיקע יידישע אַרבעטער באַוועגונג. מיט זיין וואָרט און פען האָט ער גערופן דעם יידישן אַרבעטער זיך צו אָרגאַניזירן אין שטאַרקע יוניאָנס וואָס איז היינט אַ פעסטונג צו באַשיצן זייערע לעבנס אינטערעסן.

לעוויט׳ס טעטיקייט וועט ארייַנגיין אין דער געשיכטע פון דער ארבעטער באַוועגונג מיט גאָלדענע אותיות. לעוויט האָט באַרייכערט דעם קלאַסן און ציל באַוואוסטזיין פון יידישן אַרבעטער. דארום איז דער יידישער אַרבעטער אַ גאַנץ גרויסער מחותן צום היינטיקן יום טוב. ווער געדענקט דאָס ניט די גרויסע און ביטערע סטרייקס פון די קלאָוקמאַכער און די אַמאַלגאַמייטעד אין לאָס אנגעלעס. און אין קלענערע פאַכן, וואו לעוויט אַלס אויפריכטיקער פריינט פון די יוניאָנס האָט געווידמעט זיין גאַנצע אַקטיוויטעט אויפצוהאַלטן דעם קאַמפס גייסט פון די ארבעטער

איר, חשוב׳ער יובילאַר, זייט איינער פון די לערערס אין דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג, שיקן מיר טאַקע אונדזער ברכה צו אייך. איר זאָלט האָבן פיל גייסטיקע כוחות און אַ סך פיזישע גבורה ווייטער פאָרזעצן אייער לעבנס טעטיקייט פאַר דער אַרבעטער באַוועגונג, פאַר אַ שענערער מנטשלעכער פרייהייטלעכער ליכטיקער צוקונפט.

אָט די ברכה, חשוב׳ער יובילאַר, זאָל נאָך מקוים ווערן אין אייער לעבנס צייט.

TRinity 5215

קונסוליה של ישראל

**Consulate of Israel**

208 West Eighth Street — Los Angeles 14, Calif.

Mr. E. Dorin, Secretary
Jubilee Committee
863 So. Mariposa Avenue Los Angeles 5, California

February 29, 1952

Dear Mr. Dorin:

I sincerely regret not being able to accept your kind invitation to attend the Testimonial Dinner honoring Mr. Julius Levitt, to be held on March 16th.

A previous engagement to which I had committed myself some time ago, unfortunately, prevents my being with you on that date.

Please be good enough to convey to Mr. Levitt my heartiest congratulations and best wishes for many more fruitful years of service to the community.

With warm wishes for the success of your function, I am

Yours sincerely,

HARRY BEILIN Consul

---

## עטלעכע ווערטער פון אַ פריינד

איך וויל מיט די עטלעכע ווערטער באַגריסן פריינד יודל לעוויט, צו זיין יובל, פון פופציק יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. 42 יאָר דאָ, ביי אונדז אין שטאָט, זיין טעטיקייט איז פאַרבונדן סיי מיט דער ארבעטער באַוועגונג, סיי אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אַזוי גוט ווי אין „ייוואָ" בין איך צופרידן צו האָבן די מעגלעכקייט צוזאַמען מיט אַלע „ייוואָ" מיטגלידער צו פייערן דעם יום טוב.

אַלס פערזענלעכער פריינד פון י. לעוויט, האָב איך שטענדיק אָפּגעשאַצט דעם בעל היובל אַלס אַ פיוניר אין דער ארבעטער באַוועגונג, אַ פאָלקסמענטש און פריינד אין די יידישע נאַציאָנאַלע קרייזן. זיין ארבעט איז אַנערקענט פון אַלע צווייגן, גרופּירונגען און אָרגאַניזאַציעס.

איך קאָן זיך ניט באַרימען דאָס איך קען דעם יובילאַר אַסך יאָרן. מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פריינד יודל לעוויט פאַנגט זיך אָן מיט 13 יאָר צוריק, אין אָפיס פון „פאָרווערטס" זיצנדיק ביי זיין שרייב־מאַשין, ביי פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט פאַר דעם יידישן קיבוץ דאָ אין לאָס אַנדזשעלעס. זיין ערנסטע באַציאונג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגן, זיין לאָגישער אַרט דענקען, און זיין ווילן צו טאָן זיין חלק און אפשר מער ווי זיין חלק, האָט אין מיר אַרויסגערופן אַ חשק זיך נאָנטער צו באַקענען מיט אים, און די באַקאַנטשאַפט צו פאַרוואַנדלען אין פריינטשאַפט.

די 13 יאָר זיינען דאָך געווען די שוידערלעכסטע אין די יידישע קיבוצים אין אייראָפּע. מיר זיינען דאָך אַלע געווען עדות פון יידישן אומקום, אָבער אויך עדות פון דעם הערלעכן מאָמענט פון דער שאַפונג פון מדינת ישראל. דורך דער צייט האָב איך געהאַט מער געלעגנהייט צו קומען אין קאָנטאַקט מיט י. לעוויט און געפונען אין אים אַ סאָציאַליסט, אַ קעמפער פאַר רעכט און פרייהייט, אַ קעמפער פאַר דער צוקונפט פון פאָלק ישראל, און א פריינד פון דער ארבעטער באַוועגונג אין מדינת ישראל.

איך בין פערזענלעך דאַנקבאַר דעם „ייווא" קאָמיטעט פון לאָס אנדזשעלעס פאַר דורכפירן די פייערונג פון 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון י. לעוויט. איך שאַץ אָפּ דעם ווערט פון „ייווא" אין יידישן לעבן. דאָס אָפּראַטעווען און אַריבערברענגען די ווילנער „ייוואָ" ביבליאָטעק און אַרכיוו וואָס די נאַציס האָבן אוועקגערויבט, איז איינע פון די גרעסטע פאַסירונגען פאַר דער יידישער קולטור. און אין מיין היינטיקער באַגריסונג צו דעם יובילאַר וויל איך אונטערשטרייכן י. לעוויטס ארבעט פארן „ייוואָ" און ווינטש אים לאַנגע יאָרן פון געזונט און טעטיקייט.

**לעסטער ליפּמאַן ווײַנשטאָק.**

# באַגריסונג פון אָפיס סטעף צום מענעדזשער
# צו זיין היינטיקן יום טוב

מיר, דער אָפיס סטעף, האַלטן זיך פאר גאָר גרויסע מחותנים צו דער יובל פייערונג פון 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון יודל לעוויט, מענעדזשער פון לאָס אנדזשעלעס „פאָרווערטס" אָפיס. און מיר זיינען עדות דאס די פייערונג איז מער ווי אַ באַרעכטיקטע און די אַנערקענונג וואָס י. לעוויט קריגט פאר 50 יאָר אומערמידלעכע אַרבעט אויף אַלע געביטן פון געזעלשאפטלעכן לעבן אין אַ כשר פאַרדינטע.

מיר, וואָס זיינען שטענדיק מיט אים אין אָפיס, זעהען אים טאָג טעגלעך ביי דער אַרבעט קאָנען עדות זאָגן אויף זיין ערנסטער באַציאונג צו געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען און אינסטיטוציעס. זיין זאָרגן פאַר דעם דערפאָלג און זיינע בייטראָגן דעם דערפאָלג צו פאַרזיכערן. ער שטעלט דעם „פאָרווערטס" צום דינסט פאַר דער באַוועגונג אָדער אינסטיטוציע צו וועלכער ער האָט אַ פערזענלעכע באַציאונג, אַזוי ווי עס וואָלט געווען זיין זאַך און לייגט אריין זיין געזונט און לעבן פאר דעם פאָרטשריט פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

צייט מיינט גאָרניט פאַר אים. ער קען האָבן 2־3 זיצונגען דורכן טאָג און פאַרבייסן מיט אַ זיצונג אָדער מער אין די אָוונטן. און ביי לעוויטן אַ מיטינג מיינט ניט בלויז זיך צו ציינגן אַז ער איז דאָ. ער איז פאַראינטערעסירט אין דער ארבעט מיט זיין גאַנצן ערנסט און פאָדערט דעם זעלבן ערנסט און זעלבן אינטערעס פון אַנדערע, וואָס ניט אַלע האָבן עס ליב ווען מען פאָדערט עס פון זיי זיינען אָפט פאַראַן פאריבעלס, וואָס דאָס גיט אים ניט צו קיין געזונט, אָבער וועגן דעם טראַכט ער ווייניק. נו! איז נאָך אַ פאָר פילן. פאָלגן דעם דאָקטאָר? ווייסיכוואָס.

און מיט אַלעם דעם ווערט דאָך זיין ארבעט אָפגעשאַצט, זיינע פאַרדינסטן פאַר דעם וואַקסענדן יידישן ישוב אַנערקענט. ווען אפילו ניט אימער און ניט אָפט עפנטלעך צוגעגעבן. און היינט ווען די כשר פאַרדינטע אנערקענונג ווערט עפענטלעך אויסגעדריקט, שליסן מיר זיך אָן צו דער אלגעמיינער פייערונג פון י. לעוויט׳ס יובל, און אפשר מער ווי אַנדערע, ווייל מיר זעען אים ביי דער אַרבעט טאָג טעגלעך.

מיר וואלטן אים זאָגן דאס עס איז צייט ער זאָל פאָלגן דעם דאקטאר און זיין אַ ביסל מער איינגעהאַלטן, אַ ביסל ווייניקער זיצונגען, און בכלל נעמען זאַכן לייכטער און אָפהיטן דאס געזונט, אָבער מיר ווייסן האס ער וועט אונדז אזוי ווייניק פאָלגן ווי ער פאָלגט די דאָקטוירים. ווען מיר אים ווינטשן לאַנגע יאָרן פון געזונט און דערפאָלג אין זיינע באַמיאונגען לטובת הכלל.

מלכה הארליק
מאיר וויינטרויב
יוסף טיללעם
באָרים דעסקאָף

# חבל על דאבדין ולא משתכחין



אין עלטער פון 74 יאָר איז דער באַוואוסטער כלל און קולטור־טוער נפתלי פרץ קאהן — בעסער באקאנט — פיטער מ. קאהן — ארויסגעריסן געוואָרן פון צווישן די לעבעדיקע.

מיטן טויט פון פיטער מ. קאהן, האָט דער יידישער קיבוץ אין אמעריקע און באַזונדערס דאָ אין לאָס אנדזשעלעס, פאַרלאָרן א זייער חשובע פערזענ־לעכקייט, אן איבערגעגעבענעם, ענערגישן און אויפריכטיקן יידן, וועלכער איז געווען באליבט בא אלע שיכטן פון היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן. קאַהן האָט אסך משפיע־געווען אינעם אויפטו פון דער היגער יידישער קהלה און נאָך מער אינעם חינוך פון די היגע יידיש־וועלטלעכע שולן.

ביז דער לעצטער שעה פון זיין קאָלירפולן לעבן איז ער געווען אַ מאָ־נענדיקער, ווירקנדיקער טוער באַ פיל יידישע פאָלקס־אָרגאניזאציעס.

קאהן האָט מיט נאָכפאָלגנדיקן אינטערעס געלייענט די יידישע ליטע־ראטור אין ביידע שפראכן: יידיש און העברעאיש. ער האָט נאָכגעפאָלגט מיט טיפן אינטערעס דעם פולס פון יידישן לעבן סיי דאָ און סיי אין ישראל. צו זיין וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט מיט טיפן דרך ארץ, ווייל ער איז געווען פשוט, אמתדיק, און אָן פליטערלעך.

דער יידישער קיבוץ אין לאָס אנדזשעלעס פילט זיך פאריתומט אָן אים, מחמת מיר האָבן פארלאָרן אַ וואָגיקן נאָענטן שליח־ציבור, וועמענס אינטע־רעסן און אידעאלן קאהן האָט אָפּגעהיט און פארטיידיקט.

מיט געבויגענע קעפּ פארצייכענען מיר דעם גוואלדיקן פארלוסט.

ערע זיין אָנדענק.

# Los Angeles Jewish Community Council

590 North Vermont - Normandy 2-8161 - Los Angeles 4, Calif.

GREETINGS!

The celebration of fifty years of Jewish activity by Julius Levitt is an occasion in which every element of the Jewish population of Los Angeles can wholeheartedly join.

During the forty-one years of Mr. Levitt's residence in the City of Los Angeles he has been a vital and dynamic force in the process which created out of a small and struggling Jewish community one of the largest concentrations of Jews in the world today.

Devoted as a life-long Socialist to the ideals and principles of that particular political philosophy, he has been animated by those ideals to lend his leadership and his strength to every organization, every institution and movement dedicated to the realization of that philosophy.

So it is, that even from the first year of his residence in Los Angeles, he sought ways and means by which to create and to build Jewish institutions and organizations that would strengthen the Jewishness of those with whom he associated and worked so that they in turn might give of themselves and their means to the building of an integrated community that could best serve the people who came to it from every corner of the United States.

Particularly, has he been devoted to the relief of his suffering brethren abroad, and he saw in the annual campaign of the United Jewish Welfare Fund the most effective means through which his energies, influence and money could be made available for the succor and rehabilitation of his persecuted brethren. Likewise, he found in the Los Angeles Jewish Community Council, of which he was one of the early Directors, the means by which the rapidly growing Jewish community could be cemented into an effectively functioning agency that would properly and adequately represent the great number of organizations in the community, and that would be competent to speak and act for them in the best traditions of American and Jewish democratic life.

Julius Levitt has been a vital worker in the field of Jewish activities, not only in Los Angeles, but in the wider area of the state and nation. Through the service he has so generously contributed to his people and to his community, he has won the accolade of leadership as well as the respect, the admiration and the affection of the thousands who have worked with him or who know him only through his work for their benefit. Julius Levitt merits high praise and commendation for his significant part in the building of this great Jewish community.

The Jewish Community, through the Los Angeles Jewish Community Council and its United Jewish Welfare Fund, its Bureau of Jewish Education, its Emigre Service and other activities, extends grateful and affectionate greetings to Julius Levitt on the occasion of this well earned community testimonial.

AARON RICHE Secretary
JULIUS BISNO Executive Secretary

# די שליחות פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט—ייוואָ

## פון אליעזר דאָרין

דעפינירן, אָדער דערקלערן די פונקציעס פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, איז גאָרניט אזוי פשוט ווי אַנדערע מיינען. איך וויל דאָ פרובירן בלויז אָנוואַרפן עטלעכע באַמערקונגען.

די פונדאמענטאַלע ארבעט פון ייוואָ איז, אין תוך גענומען, אַ צווייענדיקע: פאר דעם וויסנשאַפטלער, דעם פאָרשער, דעם פאכמאן — איז עס אַן אָרט, וואו מען קאָן שטודירן און פאָרשן. דער ייוואָ איז דאָך פאקטיש די איינציקע יידישע אינסטיטוציע אויף דער גאנצער וועלט, וועלכע גיט זיך אָפּ מיט דער פאָרשונג פון יידיש, יידישער ליטעראטור און יידישער פרעסע. איך דערמאָן דאָ בלויז די דריי ווינקלען פון פאָרשונג, ווייל מיט פאָרשונג אויף אנדערע געביטן ווי — יידישע געשיכטע און פאָרשונג פון יידישן שטייגער — ביגן זיך אָפּ אויך אנדערע אינסטיטוציעס — אמת ניט אין יידיש נאָר אין ענגליש אָדער אַנדערע שפּראַכן. פאַרן ברייטערן עולם ווידער — איז עס אן אינסטיטוציע, וואָס פארשפרייט בילדונג און אויסשעפלעך פינקטלעכע אינפאָרמאַציע אין פרט פון פארשערישער עכטקייט.

ביידע זאכן: הן פארשפרייטן בילד.נג, הן געבן פינקטלעכע אינפאָרמאַציע — זיינען גאנף קאָמפּליצירטע פראָבלעמען. אָפּגעזען פון דעם, וואָס בילדונג איז — אי זייער אינטערעסאנט, אי זייער נוצלעך — איז דער עולם גאָרניט אזוי גערן צו דערוועררבן און דערגרייכן עס. באַ דעם ווייטגרעסטן פראָצענט פון די מענטשן איבער דער גאָרער וועלט און בא אלעפעלקער — פעלט דער אפעטיט פאר בילדונג אין ברייטן זין פון וואָרט. עס פעלט, וואָלט איך געזאָגט, אָט יענער מאָנענדיקער, יענער נאָגנדיקער הונגער, וועלכער פירט צו מעשים. און פונקט ווי מאַנגל אין פיזישן הונגער, איז א סימן מובהק, אז דער מענטש איז א חולה, און אָפּט א גאָר ערנסטער חולה, — פונקט אזוי איז אויך — א מאנגל אין גייסטיקן הונגער — אַ סימן מובהק, אז דער באטרעפנדער מענטש איז ניט קיין גייסטיקער גיבור און אָפּט טאַקע א גייסטיקער חולה־מסוכן. אינם פאל פון גייסטיקן הונגער איז דאָ נאָך א גרויסע צרה — וואָס זעלטן ווען, און אפשר טאַקע קיינמאָל, וועט זיך עמיצער פאר אייך באַקלאָגן, אז אים פעלט גייסטיקער אַפּעטיט.

עס איז דעריבער איינע פון די גאָר וואָגיקע און עגבערנדיקע פראָבלעמען פארן ייוואָ — צו אויסנוצן אלע איינפאלן און אָנווענדן אלע מעטאָדישע, פעדאגאָגישע און פראקטישע מיטלען — צו פארשפרייטן בילדונג און אויסבילדונג פארן ברייטן עולם און ספעציעל — פארן פאָלקס־אינטעליגענט.

וואָס איז שייך דעם ענין פון פינקטלעכער אינפאָרמאציע, פינקטלעך און אָביעקטיוו פון ריין פאָרשערישן צוגאַנג — איז עס א פראָבלעם פון אויסערגעוויינטלעכער וויכטיקייט און פון קאָלאָסאלן באַדייט, און אָט פאַרוואָס:

אַ היסטאָריקער, אָדער א ליטעראטור־היסטאָריקער, מיט א פאָרשערישן, וויסנשאַפטלעכן פארנעם און בארוף — אָן א געשיכטלעכער פילאָסאָפיע — איז דאָך פאקטיש בלויז אין דער בחינה פון א דאטע־פארצייכענער פון געוויסע פאַסירונגען. אזא איז דאָך בשום אופן ניט קיין היסטאָריקער אין פולן מאָדערנעם זין פון וואָרט, און נאָך ווייניקער איז אַזאַ — אַ ליטעראטור־קענער. דער גרויסער, באמת אנערקענטער היסטאָריקער מיט אן אקאדעמישן בארוף — מוז אויך, אולטימאטיוו, באזיצן א געשיכטלעכע פילאָסאָפיע אָדער ליטעראטור־פילאָסאָפיע. אזא היסטאָריקער גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן דעם, וואָס פאר א השפעה די היסטאָרישע וויסנשאַפט און היסטאָרישע זעלבסט־דערקענטעניש קאָן האָבן אין לעבן פון אַ פאָלק.

וועגן גרויסן היסטאָריקער שמעון דובנאָוו ע״ה, שרייבט דר. פיליפ פרידמאַן אָט וואָס: — „דובנאָווס גרויסקייט אלס היסטאָריקער ליגט נישט בלויז אין דעם, וואָס ער איז א גרויסער ספעציאַליסט און קענער פון געשיכטלעכע מקורים; נאָר אין דעם, וואָס ער האָט אויסגעפאָרשט און פארטיפט א היפש ביסל, כמעט וויניק באַארבעטע אָדער אויבנאויף באקאנטע פראָבלעמען (יידישע אויטאָנאָמיע, משיחישע באַוועגונגען, חסידיזם אאז״יי), וואָס ער האָט אריינגעפירט די מזרח־אייראָפּעאישע יידן מיט זייער גאַנצער אייגנארטיגער רייכער יידישער קולטור־וועלט, אין דער מאָדערנער יידישער היסטאָריאָגראַפיע. ווי וויכטיק אָט די דאָזיקע איינצעלנע אויפטוען זאָל נישט זיין — איז דאָך דער סאמע וויכטיקסטער אויפטו פון דובנאָוו די נייע פילאָסאָפיע פון דער יידעשער געשיכטע און זיין געשיכטע פון יידישן אויטאָנאָמיזם.״—

דאָ אָבער שטויסן זיך תיכף אָן, אָן אַ נעגאַטיוון, שטרויכלענדיקן מאָמענט. ווייל קוים שטעלן מיר נאָר אוועק א פוס אויף דער פלאַטפאָרמע פון א באַשטימטער, אויסגעפורעמטער, אידעאָלאָגיש, געשיכטלעכער פילאָסאָפיע — האָבן מיר דאָך שוין במילא אן אויסגעפורעמטע און קאָנקרעט־באַשטימטע וועלט־קאָנצעפּציע. אין אזא פאל זעען מיר שוין אלע געשיכטלעכע פראָצעסן און זייערע באַגלייטנדיקע מאָטיוון — בלויז אין דער ליכט פון אָט דער דאָזיקער אויסגעפורעמטער אַן אָנגענומענער פילאָסאָפישער שיטה — און מיר קאָנען שוין ניט, אָדער זיינען קאפאבל ניט צו דערבליקן, אָדער מיר פארזען אלע אַנדערע פילאָסאָפישע היסטאָרישע ריכטונגען און ווענדונגען. און דאָ מוזן מיר דורכאויס אונטערשטרייכן אויפן בולטסטן אופן ווי נאָר ניגלעך, אז אָפט קאָן פּאַסירן און פאַסירט טאַקע, אז דווקא איינע פון אָט יענע אַנדערע, פון אונדז ניט דערבליקטע אָדער פארקוקטע פילאָסאָפישע ריכטונגען — איז דער סאַמע וויכטיקסטער קנופּ — וואו פאַסירונגען בינדן זיך אויף היסטאָריש, אָדער פארקערט — פאַסירונגען פארקניפּן זיך היסטאָריש.

דער צד השוה שבהם איז: אָביעקטיווע פאָרשונג. און לאָמיר דאָ זיין זאכלעך און ניט פארפירן זיך אליין מיט פוסטע, אָפּנאַרערישע גלויבונגען אָדער האָפענונגען. לאָמיר קלאָר פארצייכענען: אָביעקטיווע פאָרשונג איז בפירוש ניט בנמצא אויף דער גאַנצער וועלט, איך רעד דאָ וועגן דער יידישער וועלט, אויסער די ראַמען פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. און אויב איר ווילט טאקע וויסן די סיבה פון דעם, איז דער ענטפער אַ קלאָרער: דער ייוואָ באַטייליקט זיך ניט אין קיין שום טעטיקייט פון א פּאָליטישן כאַראַקטער. דער ייוואָ קלייבט, זאַמלט, סאָרטירט, פאָרשט און פארעפנטלעכט מאַטעריאַלן אָן טענדענצן און אָן פּראָפּאַגאַנדע. דער לאָגישער מאָטיוו דערביי איז א ריין־וויסנשאַפטלעכער: פונקט ווי עגאָצענטריש — איז א קראַנקער צושטאַנד פונם יחיד, אזוי איז אויך עטנאָצענטריש — א קראַנקער צושטאַנד פונם קאָלעקטיוו.

עס איז דעריבער פשוט ניט אָפּצושאַצן די פאָרשערישע פארדינסטן, פון ייוואָ אין פרט פון קאָרעגירן פאַלשע אינפאָרמאַציע אָדער פארדרייטע פאַקטן און אין פרט פון פארשפּרייטן ריכטיקע פארשטענדעניש און קענטשאַפט וועגן יידן, יידישער ליטעראַטור, יידישער שטייגער און יידישער געשיכטע. דער ייוואָ קאָנצענטרירט זיך אייצטער אין פארגרעסערן זיין ארכיוו און אין אויפבויען זיין ביבליאָטעק. און דער ייוואָ קאָן זיך געוויס באַרימען מיט זיין אויפטו אויף די דאָזיקע געביטן. דער ייוואָ פארמאָגט היינט צו טאָג דעם רייכסטן יידישן ארכיוו אין אמעריקע און אפשר אין דער גאַנצער וועלט. און די ביבליאָטעק פון ייוואָ שטעלט מיט זיך פאָר איינעם פון די גרעסטע יידישע ביכער־אוצרות אין דער וועלט. דער ייוואָ האָט איצט צוגעגרייט ביכער, ארכיוו־מאַטעריאַלן און פולע קאָמפּלעקסן פון די וויכטיקסטע יידישע צייטונגען — צו באַדינען דעם יידישן סטודענט, דעם פאָרשער און דעם וויסנשאַפטלער. ווער עס זאָל נאָר קומען פאָרשן, וועט דער ייוואָ אים צושטעלן אלע נייטיקע מאַטעריאַלן.

דער ייוואָ קוקט אויף דער יידישער קולטור ווי אויף א לעבעדיקן כוח. די ארבעט פון ייוואָ גיט א מיגלעכקייט יעדער יידן בעסער צו דערקענען זיך אליין. דער ייוואָ באַרייכערט אים מיט נייע מיטלען אין ג ע ר א נ ג ל פאר זיין גייסטיקער עקזיסטענץ. אויך פארן לעבן פון יידן ווי א כלל — איז די ארבעט פון ייוואָ זייער וויכטיק. דורך דער גרינטלעכער, וויסנשאַפט־לעכער פאָרשונג פון ייוואָ — אין אלע זיינע פאָרשערישע געביטן, געלינגט אָפט צו דערבליקן דעם טאמע עכטסטן צעמענט, וואָס פארבינדט איין דור מיטן צווייטן און פארקערט — צו דערבליקן אויך די סיבות, וועלכע דער־ווייטערן איין דור פון צווייטן. דורך זיין אָביעקטיוון אופן פון פאָרשן, געלינגט אָפט דעם ייוואָ צו דערגרונטעוועון זיך און צו דערבליקן אויך דעם עכטסטן צעמענט, וואָס דערנעענטערט איין פאָלק מיטן צווייטן און פאר־קערט — אויך די סיבות, וואָס דערווייטערן איין פאָלק פון צווייטן.

דער ייוואָ איז ניט קיין לאָקאלע אינסטיטוציע. אלע זאמלונגען פון אלע קולטורעלע אוצרותת, אלע פאָרשונגען און אלע זיינע פובליקאציעס — דינען דער חשיבות פונם גאנצן יידישן פאָלק — איבערדער גאָרער וועלט. אָט דער דאָזיקער, קאָנקרעטער, פונדאמענטאַלער פאקט — באַוואָפנט און לאָדט אָן מיט אחריותתת — יעדער קולטורעלן יידן, איבער גאָר דער וועלט — צו זאָרגן פאר דער מיגלעכקייט פון עקזיסטענץ, אַנטוויקלונג און אויסברייטערונג פונם ייוואָ — כדי ער זאָל קאָנען נאָכקומען דעם מאַקסימום פון זיינע אויפגאבן און זיינע צילן.

יעדער מין פלאַן אָדער אקציע, צי וועגן עקאָנאָמישע צי וועגן סאָציאלע פראָבלעמען, מוז, אין דער איצטיקער עפּאָכע פון אנטוויקלונג, זיין געבויט אויף וויסן. וויסן ווידער, איז היינט צו טאָג קאָן קומען נאָר דורך פאָרשן. מיר מוזן האָבן סאָציאַלע פאָרשונג, כדי צו וויסן גענוי דעם פארנעם פון אונדזערע טראגישע היזקות פון דער לעצטער צייט: מיר מוזן קאָנען רעאַליס־טיש אָפּשאַצן אונדזערע כחות, כדי מיר זאָלן קאָנען אָרגאניזירן אונדזער כלל־לעבן לויט א געזונטן פלאַן. די פראָגראַם פון ייוואָ און די וויסנשאפט־לעכע פאָרשונגען און די פראקטישע פובליקאציעס — זיינען א געווינס פון דער העכסטער מדרגה פארן גאנצן יידישן פאָלק איבער דער גאָרער וועלט.

צום טיפּסטן באַדויערן, מוז דאָ אויך באַטאָנט ווערן, אז די אָנגע־צייכנטע פראָגראַמען פון ייוואָ — דערגייען זעלטן ביזן סוף פון זייער אָנגעצייכנטן וועג. די סיבה פון דעם איז זייער א פּשוטע: דער יידישער קיבוץ אין אמעריקע — דער וויכטיקסטער און שטאַרקסטער אָנשפּאר אין מאַטעריעלן זין — האָט זיך נאָך לעת־עתה ניט דערהויבן צום מצב פון באַנעמען דעם אידעאָלאָגישן תוך פון דער שליחותת פון ייוואָ פארן יידישן פאָלק. אויף צו באַקאָנען מיט יידישע אויפטואונגען דער גוי'אישער וועלט — גייט מען בא אונדז אויס מיליאָנען. עס הערשט אָבער בא אונדז א גוואַל־דיקער דוחק אויף די מיטלען, וואָס זיינען גוואלדיק נייטיק, אז יידן אליין זאָלן וויסן: ווער זיי זיינען און וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן און וואָס מען דאַרף נאָך טאָן קולטורעל און פאָרשעריש.

דער יידישער קיבוץ אין אמעריקע — איינגעשלאָסן דעם 325,000 טויזנדיקן יידישן קיבוץ דאָ אין לאָס אנדזשעלעס, כן־יירבו — איז שולדיק אן ענטפער אויף דעם דאָזיקן היסטאָרישן, מאָנענדיקן און עקבערדיקן פארוואָס? פארוואָס קאָנען מיר זיך דערלויבן אלערליי לוקסוסן אין אונד־זער פריוואטן לעבן, און פארוואָס איז אונדזער גייסטיקער אַפּעטיט אזא מיזערנער, אזא נישטיקער? ווארטן איצט 8—7 פונדאמענטאַלע פראָיעקטן, וואָס דער וויסנשאפטלעכער קאָלעגיע האָט אויסגעארבעט אין אלע דעט־טאַלן — און דער איינציקער אָפּהאַלט איז: פ י נ א נ צ י ע ל ע מיט־לען. יידישע מעצענאַטן פארגיינען זיך צו שפּרייטן שווערע טויזנטער אויף טאַקע קולטורעלע אינסטיטוציעס — אָבער בשום אופן ניט אויף יידישע קולטורעלע אינסטיטוציעס. די יידישע געשיכטע פון היינט — ווארט מיט אומגעדולד, אז אָט דער, פריער דערמאָנטער, היסטאָרישער פארוואָס — זאָל קריגן אן ענטפער, א תיקון.

דער ייוואָ, וואָלט איך געזאָגט, איז דער סימבאָל פון יידישן קיום און המשך. אויף די אמעריקאנער יידן ליגט אַ גרויסע היסטאָרישע אחריות צו זאָרגן פאר דער עקזיסטענץ פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. ווי נייטיק, ממש לעבנס־נייטיק און נוציק דער ייוואָ זאָל ניט זיין — קאָן ער מיט זכות־אבות אליין ניט עקזיסטירן. געוואַקסן איז דער ייוואָ אין משך פון 26 יאָר — אין זכות פון דער אנערקענונג און באגייסטערונג פון זיינע שטיצער. לאָמיר פירצייכענען אין אונדזער זכרון, אז צום טיפסטן און טרויעריקסטן באַדויערן — זיינען יענע שאפנדיקע, קרעאטיווע כחות פון דער אַמאָליקער ליטע, פוילן, רוסלאנד — שוין מער ניטאָ. מיר מוזן איינזען, אז צוליב דער געביטענער לאגע איז דער צענטער פון ייוואָ איצט אין אמעריקע. מיר קאָנען שוין מער, ניט ווי אַמאָל, ארויפלייגן אונדזער אחריותת און ארבעט אויף אנדערע, וואָס וועלן דאָס שוין אליין, אָן אונדז באַזאָרגן. מיר יידן אין אמעריקע מוזן אליין אויף זיך נעמען די א.ריות צו באַזאָרגן די מיגלעכע עקזיסטענץ און וואוקס פון ייוואָ.

---

# די יידישע שול און דער שול-טוער

## פון דוד ברידזשער, ביוראָ פאר יידישער דערציאונג

(לכבוד דעם יובילאר, פר׳ דזשוליוס לעוויט)

ביי דער פריידיקער געלעגנהייט פון אַ יובל־פייערונג פאַר אַ יידישן קולטור־טוער איז אוודאי פאסיק זיך אָפּצושטעלן אויף דער ענגער שייכות צווישן דער יידישער שול און דעם יידישן שול־און־קולטור־טוער.

פאַר די וואָס שטייען נאָענט צום יידישן וועלטלעכן שול־וועזן, איז גוט באַקאנט די פיאָנערן־ראָלע פונעם יידישן שול־טוער אין דער גרינדונג, אויפהאלטונג און גייסטיקער געשטאַלטונג פון דער יידישער שול. עס איז קיין ספק ניט אז אדאנק דער טיפער אמונה אין די שאפנדיקע כוחות פון די יידישע פאלקסמאסן, אדאנק דעם גלויבן אין דעם ווערט און אין דער חשיבות פון דער יידישער שפראך און קולטור פאר דעם נאציאָנאלן, בכבודיקן קיום פונעם יידישן פאָלק, איז דער יידישער קולטור־עסקן געווען אינסטרומענטאל פאר דער אנטוויקלונג און באפעסטיקונג פון דער נ י י ע ר און פראָגרעסיווער שול־באַוועגונג.

עס איז אבער, ביי דער געלעגנהייט, וויכטיק אונטערצושטרייכן, אז פונקט אזוי ווי דער שול־טוער האָט געשאפן און באשיצט די יידישע שול, אזוי האָט די יידישע שול דערצויגן, אויסגעכאוועט און געשאפן דעם יידישן קולטור־און־שול־טוער. עס איז א פסיכאלאגישער אמת אז וואס א יחיד טוט אין פערזענלעכן ווי אין געזעלשאפטלעכן לעבן, טוט ער דאס אין אזא מאָס, און מיט אזא באגייסטערונג און פארנעם, וואס איז דירעקט פראפארציאנעל מיט דעם פארנעם און מיט דער מאס פון פערזענלעכער באפרידיקונג. עס גילט ניט דער ריין־אלטרואיסטישער „טוען פאר אנדערע“, אדער „טוען פאר דער געזעלשאפט, לשמה. דער טוער ווערט געטריבן צו ווירקן, קעמפן און שטרעבן פאר יענע זאכן און אידייען וואס באַרייכערן און באַפרידיקן זיין אייגענע פערזענלעכקייט און זיינע אייגענע און געזעלשאפטלעכע אמביציעס, צילן און שטרעבונגען.

ארויסגייענדיק פון דער דאזיקער הנחה, ווילט זיך באהויפטן אז די יידישע שול איז קודם־כל געווען א „בית מקדש מעט“, א קולטור־צענטער פאַר דעם פראָגרעסיוון יידישן פאָלקסמענטש. אין דער יידישער שול האָבן הונדערטער שול־טוער איבערן לאנד געקראָגן, אויב ניט קיין פאָרמעלע איז זיכער אַן אומפאָרמעלע דערציאונג. צווישן די פיר ווענט פון דעם געשאַפענעם קולטור־צענטער אַרום דער יידישער שול, האָט דער שול־טוער געהערט לעקציעס, וועגן דער יידישער ליטעראַטור, וועגן קולטור ענינים, און געזעלשאַפטלעכע פראַגעס. דאָרט האָט מען זיך אויסגעלעבט געזלשאַפטלך, זיך געטראָפן און פאַרבראַכט מיט פריינד, און אָפט אפילו געפראַוועט משפחה־שמחות.

דאָס וואָס שול־טוער האָבן געדאַרפט „קלאַפּן אין די טירן" פון יידישע עלטערן, סיי צוליב קאַמפּאַניעס פון ווערבירן תּלמידים, סיי אין שייכות מיט געלט־אַקציעס, האָבן זיי געקראָגן די גוטע געלעגנהייט זיך נענטער צו באַקענען מיט דעם לעבן, דענקען און פילן פון די יידישע פאָלקס־מענטשן, בנוגע דערציאונגס און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. דורך דעם „גיין אין פאָלק" האָבן די שול־טוער באַרייכערט זייער אייגענע וועלט פון וויסן און געפילן, און זיך געשאַפן דורך דעם אַ באַגריף וועגן די מיטלען ווי צו דינען די יידישע פאָלקסמאַסן אויף אַ קאָנסטרוקטיוון, דינאַמישן אופן. די אויפ־ריכטיקע שול־טוער האָבן דורך דעם ענגן קאָנטאַקט מיטן יידישן פאָלקס־מענטשן, זיך איבערצייגט אַז אפילו די שענסטע און דערהויבנסטע אידעאַלן קענען ניט, און טאָרן ניט בלייבן סטאַטיש און פאַרגליווערט, און אַז ס'איז נויטיק אָפטמאָל צוצופּאַסן די אָנגענומענע גלויבנס, באַגריפן און אידעאַלן צו די עקזיסטירנדיקע, שטענדיק דינאַמישע, לעבנס־באַדינגונגען. דער יידי־שער שול־טוער האָט אויף אַזאַ אופן געקענט פאַרוואַנדלען זיין אייגן באַ־שאַף — די יידיש־וועלטלעכע שול, פון אַן ענגער, ריין־פּאַרטייאישער שול, וואָס דאַרף קנעלן אַ געוויסן „איזם" — אין אַן אמת נאַציאָנאַלער און גע־זעלשאַפטלעכער דערציאונגס־אינסטיטוציע.

דורך דער יידישער שול וואָס איז לכתחילה געבויט געוואָרן ניט נאָר אויף יסודות פון יידישקייט, נאָר אויך אויף יסודות פון געזעלשאַפטלעכן יושר, האָט דער יידישער פאָלקס־מענטש, דער געוואָרענער שול־טוער, גע־האַט די געלעגנהייט צו אַסימילירן, און צו פאַרדייען דעם טיפן זין פון סאָציאַלן יושר, און ווערן אַזוי אַרום אַ באַוואוסטזיניקער קעמפער ניט נאָר פאַר יידישער דערציאונג, און יידישן קיום בכלל, נאָר אויך פאַר דעם אָנ־שטענדיקן און עטישן קיום פון דער גאַנצער מענטשלעכער געזעלשאַפט.

די יידישע שול האָט איבערהויפּט געגעבן דעם יידישן קולטור־טוער דאָס זייער וויכטיקע געפיל פון זיין אַ ניצלעכער און שאַפנדיקער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט. די שול האָט געגעבן דעם שול־טוער דעם גלויבן אין די אייגענע כוחות, אייגנשאַפטן, דערפאַרונג און וויסן. ווען דער איצטיקער, אפשר שוין גרוי־געוואָרענער קולטור־טוער, וואַרפט זיין בליק אויף צוריק, אויף זיין געזעלשאַפטלעכער פאַראַנגאַזשירטקייט, מוז אים זיכער אַרומכאַפּן אַ געפיל פון ווערדע און שטאָלץ, וואָס ער האָט מיט זיין ענערגיע, אחריות און פאַרשטאַנד, געהאָלפן שאַפן די שיינע אינסטיטוציע פון דער יידיש־וועלטלעכער שול, און אויך אַ ריי אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. צי דער שול־טוער האָט ווערבירט תּלמידים פאַר דער שול, צי ער האָט „פאַרקויפט בילעטן", אָדער געהאָלפן אָרגאַניזירן באַנקעטן, אָדער געהאַלטן אַ רעדע, ווען נויטיק — אין וואָס פאַר אַ קאַפּאַציטעט ער זאָל זיך ניט האָבן ניצלעך געמאַכט לויט זיינע פעיאיקייטן, בלייבט ביי אים דאָס גע־זונטע געפיל פון אייגענער ווערדע און שעפערישקייט, אַ געפיל וואָס איז אַזוי נייטיק פאַר יעדן נאָרמאַלן בשר־ודם.

דער חשובער יובילאַר, פר׳ דזשוליוס לעוויט, וועלכער איז כל ימין געווען פאַרבונדן מיטן יידישן שולוועזן און געזעלשאַפטלעכן יידישן לעבן, און וועלכער איז אויך איצטער אַ מיטגליד פון דער היגער ביורא פאַר יידישער דערציאונג, האָט געקראָגן, אין אַ גרויסער מאָס זיין יידיש־געזעלשאַפטלעכן סטאַזש, אַדאַנק זיין ענגן קאָנטאַקט מיט דער יידיש־וועלטלעכער שול. אויך ער, פילן מיר, גייט איצט, טראָץ זיינע „זעכציק יאָר", מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, און מיט אַ געפיל פון חשיבות און ווערדע פון אַ שאַפנדיקן, אַרבעטס־זאַמען מענטשן און בויער. זאָל ער נאָך אויף לאַנגע יאָר האָבן אָט דאָס געפיל פון דערהויבנקייט, וואָס וועט אים בלי ספק דערמוטיקן צו ווייטער־דיקע שיינע מעשים אויפן פעלד פון יידישער קולטור און געזעלשאַפטלע־כער אַרבעט.

# לעוויט דער פיאָנער

מיר, פון דעם אַרבעטער רינג אין לאָס אַנדזשעלעס, זיינען אייגנטלעך די הויפּט בעלי־שמחה ביי דעם יובל פון י. לעוויטס 50 יאָר געזעלשאַפט־לעכער טעטיקייט. ווייל פון די 50 יאָר האָט ער 42 יאָר זיך פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין לאָס אַנדזשעלעס. 42 יאָר פון בויען דאָ דעם אַרבעטער רינג, וואָס דאָס מיינט אייגנטלעך דאָס בויען פון דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג און די פאָלקס־אָרגאַניזאַציעס.

מיט 42 יאָר צוריק איז אין לאָס אַנדזשעלעס כמעט גאָר נישט געווען. נאָר אַדאַנק זיין ענערגיע, ווי אויך זיין איבערגעבנהייט צו אַלץ וואָס עס איז אונדז ליב און טייער, האָט מעגלעך געמאַכט אַוועקצושטעלן דאָס יידישע לאָס אַנדזשעלעס אויף דער הויך וואו עס שטייט איצט, און דעם גרויסן פּרעס־טיזש וואָס עס פאַרנעמט אין דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע. פריינט לעוויט איז דאָך געווען איינער פון דער קליינער צאָל פון אונדזערע טוער וואָס האָבן פאַרלייגט אַ בריק צווישן אונדזערע מענטשן אין די אַזוי־גערופענע בעל־הבתישע שיכטן און די דייטשע יאַהודים פון יענעם צייטן, און מיט דעם מעגלעך געמאַכט אז איינער זאָל דערקאָגען דעם צווייטן, און דורך דעם געבראַכט אַ פאַר־אייניקטע אַרבעט אין דעם לאָס אַנדזשעלעסער יידישן לעבן.

פריינט לעוויט איז געווען דער יעניקער וואָס האָט אַקטיוויזירט אונדזער אַרבעט אין דעם גאַנצן שטאַט קאַליפאָרניע. פאַרנדיק אַלס פאַר־טרעטער פון „פאָרווערטס" אין שטעט און שטעטלעך פון קאַליפאָרניע, האָט ער געזוכט צו גרינדן אַרבעטער רינג ברענטשעס און געהאָלפן צע־מענטירן דעם אַרבעטער רינג דורך די יערלעכע שטאַט־קאָנפערענצן וואָס האַלט שוין אָן 33 יאָר צייט.

ס'איז אונמיגלעך אויסצורעכענען אַלע פאַרדינסטן פון דעם בעל היובל אין אַ קורצן באַגריסונגס־אַרטיקעל. מען קאָן וועגן דעם שרייבן אַ גאַנצן בוך. ספּעציעל וועגן דער ראָלע וואָס י. לעוויט האָט געשפּילט אין דעם לעבן פון אונדזער גאַנצער באַוועגונג, אַלס דער פאַרוואַלטער פון לאָס אַנדזשע־לעסער אָפיס פון „פאָרווערטס". ער האָט אונדזער ארבעט טאָג איין, טאָג אויס פאַרשפרייט צווישן דער גרויסער מאַסע יידישע לייענער. ער האָט אונדזערע אידעאַלן פראָפּאַגאַנדירט דורך די שפּאַלטן פון „פאָרווערטס".

דאַרום איצט, ווען די חשובע אָרגאַניזאַציע „ייוואָ" פייערט 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דעם חשובן בעל היובל, אונדזער אייגענעם יודל לעוויט, קומען מיר אין נאָמען פון דעם דרום קאַליפאָרניע דיסטריקט קאָמיטעט פון אַרבעטער רינג און אין נאָמען פון די 26 ברענטשעס אין דעם דיסטריקט, און די איבער דריי טויזנט משפחות פון דער אַרבעטער רינג מיטגלידערשאַפט, זיך אָנשליסן אין די ברכות פון אַלעמען, און ווינטשן דעם בעל היובל מיט זיין געטרייער לעבנס־באַגלייטערין, מיניע, נאָך לאַנגע יאָרן פון לעבן און גליק.

**סאוטהערן קאליפארניע דיסטריקט קאָמיטעט פון ארבעטער רינג**

**סעש אשרי, פארזיצער**

**יהושע פארבער, סערקרעטאר**

# חשבון הנפש אין אונדזער טוּאונג

## פון י. פרידלאַנד

אונדזער חשובער דיכטער ה. רויזענבלאַט האָט מיך געלאַדן אָנצושרייבן אַן אַרטיקעלע אינעם זשורנאַל, לכבוד דעם 50־יאָריקן יובל פון געזעלשאַפטלעכער טוּאונג פון אונדזער פריינט י. לעוויט. זיכער איז פאַראַן אַסך וואָס צו זאָגן וועגן איינעם וואָס איז געשטאַנען אַ גאַנצן האַלבן יאָרהונדערט ביי קהלשער אַרבעט, און וואָס קאָן דעריבער זיין אַ וויכטיקער עדות פון אַסך שינויים אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם. און זיכער וועט ניט ווייניק געזאָגט ווערן וועגן אונדזער בעל היובל אין שייכות מיט זיין קהלשער אַרבעט; און צו די אַלע ווינטשעוואַניעס פאַר זיינע מעשים טובים, גיב איך אויך מיינע ברכות. כ׳מיין אָבער, אַז ביי אַזאַ יובל איז זיכער ניט אויסערן וועג, אָפּצוגעבן זיך אַ חשבון הנפש, וועגן אַן ענין וואָס באַאומרואיקט, ניט ווייניק, יעדן געזעלשאַפטלעכן און קולטור?עסקן. כ׳וועל פּרובירן, לכן, באַרירן אַ פּראָבלעם, וואָס גייט כמעט ניט אַרונטער פונעם סדר היום פון אונדזער יידישער זשורנאַליסטיק. ס׳איז די אַלט־נייע פראַגע: „יידישע קולטור און דערציאונג“, „קיום האומה“ און דער עיקר פון אַלע עיקרים: „וואָס וועט דאָך זיין מיט אונדזער יידישער יוגנט?“ — די יורשים פון אונדזער יידישער קולטור.

אונדזער חודש־זשורנאַל „צוקונפט“ האָט פאַר די לעצטע פאָר יאָר אָנגעפירט אַ סימפּאָזיום וועגן דעם זעלביקן ענין און, דעם חודש עפנט די „צוקונפט“ אַ נייעם סימפּאָזיום: „איז אַמעריקע גלות?“ וואָס אין לעצטן סך־הכל וועט עס אַרויספירן אויף די אייגענע שליאַכן, פון דיזעלביקע חקירות. מיטן אויפקום פון מדינת ישראל זיינען די פראַגן געוואָרן נאָך אַקטועלער. פון איין זייט זעען מיר אַז די שטימונג און באַציאונג צו יידישער גייסטיקייט, איז ביי די אַמעריקאַנער יידן און יוגנט, געוואָרן אַ דערנענטערונג; פון דער צווייטער זייט אָבער, איז יידיש לשון און יידישע קולטור, ווי מיר פאַרשטייען, נאָך ווייטער פון זיי, ווי ווען עס איז געווען. און אפשר איז עס ניט קיין וואונדער, אַז אַ גרויסע צאָל פון אונדזערע יידישע אָרגאַניזאַציעס, באַנוצן זיך אויך מיט ענגליש, און נעמען זיך אויף די וועגן פון קלענסטן ווידערשטאַנד.

מיר שפּירן איצט גאַנץ שטאַרק, אַז די יוגנט אונדזערע איז ווייט און פרעמד פון אונדז; און גייט גאָר אין גאַנצן איר אייגענעם וועג. די באַמיאונגען פון די שול־ און קולטור־אָרגאַניזאַציעס, אריינצונעמען די יוגנטלעכע, באַקערן זיי צו אונדזערע אידייען צו יידיש וויסן און דענקען, זיינען די רעזולטאַטן, צום באַדויערן, געווען זייער מינימאַלע.

גרויס האָפענונג איז געלייגט געוואָרן אויף דער „יידישער יוגנט פעדעראַציע“, באַשטייענדיק פון אַ צאָל יוגנט־קלובן, ווי: דער קלוב „המשך“, „שלום עליכם יוגנט־געזעלשאַפט“, „י. ל. פּרץ יוגנט־קלוב“ און אַנדערע. די דערמאָנטע יוגנט־גרופּן האָבן געהאַט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו יידישוועלטלעכער קולטור; האָבן פאַר עטלעכע יאָר צייט אַרויסגעגעבן אפילו, אַן אייגענעם זשורנאַל „יוגנט־רוף“ און אין מאַי, 1948, האָט די „יוגנטפעדעראַציע“ דורכגעפירט אַ מ ש פ ט איבער אונדזער דור עמיגראַנטן און אַרויסגעשטעלט צו אים גאַנץ האַרבע טענות: (1) ער האָט ניט געגרינדעט קיין יידישע קהילות לויטן טראַדיציאָנעלן היסטאָרישן מוסטער, און האָט אַזוי אַרום דערלאָזט אַ דיסאָרגאַניזאַציע פון יידישן לעבן, וואָס האָט פאַרגרינגערט דאָס אָפּרייסן זיך פון יידישן כלל. (2) ער האָט זיך ניט איינגעשטעלט אידעאָלאָגיש אויפצוהיטן דעם יידישן קיום אונטער די פרייע אַמעריקאַנער באַדינגונגען. (3) ער האָט פאַר דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט ניט רעפּרעזענטירט יידן ווי אַ פאָלק, און האָט דערלאָזט די פאַרשפּרייטונג פון דעם קוק אַז יידן זיינען ניט מער ווי אַ רעליגיע.

(4) ער האָט ניט געגרינדעט קיין איינהייטלעכע שול־סיסטעם צו דערציען זיינע קינדער, און האָט ניט אויסגענוצט ביזן מאַקסימום די שולן וואָס זיינען פאַראַן. און (5) ער האָט ניט אויסגעשולט קיין יונגע פירערשאַפט צו וועלכער ער זאָל קענען האָבן אַ צוטרוי, און וואָס זאָל קענען ביסלעכווייז איבערנעמען די אָנפירונג פון יידישן לעבן אין אַמעריקע.

סיי פון די האַרבע, ערנסטע פראַגן וואָס די יוגנט האָט געשטעלט ביים מישפט, איבער דעם עמיגראַנטן דור, און סיי די יידישע קולטור־טעטיקייט וואָס די „יוגנט פעדעראַציע" האָט זיך לכתחילה געשטעלט ביי איר גרינדונג האָבן מיר געהאַט אַלע רעכט, צו גלויבן און האָפן, אַז זיי וועלן וואָס מערער וואַקסן און אַנטוויקלען אַ יידישע אַקטיוויטעט צווישן דער יוגנט, און זיי וועלן באמת קענען ווערן די פירער פון מאָרגן אין אונדזער יידישן קולטורעלן לעבן. ליידער איז עס אָבער ניט אַזוי. שרייבט אברהם ברומבערג אין „טאָג", ניו יאָרק, אַ סיטי קאַלעדזש סטודענט און אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע פון „יוגנט־רוף":

„די יידישע יוגנט־פעדעראַציע עקזיסטירט מער ניט און די יידישע קלובן אין די קאַלעדזשעס האָבן כמעט אין גאַנצן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן. קלוב „המשך" און די „שלום עליכם יוגנט געז." זיינען זיך צעפאַלן. פון די עטלעכע יוגנט־קלובן אין קאַנאַדע הערט מען קיין וואָרט ניט; אויך די אַקאַדעמישע יוגנט פאַראייניקונג וואָס די „ייוואָ" האָט געהאָלפן גרינדן, טרעפט זיך מער ניט". און ער ברענגט אַרויס זייער וואָגיקע באַמערקונגען און פאַקטן, אין שייכות מיט אונדזער יידישער יוגנט: „די צאָל יידיש־ריידנדיקע יוגנטלעכע", זאָגט ער, „איז זייער אַ קליינע, אין די וועלכע קענען ריידן יידיש, ריידן אויך ניט קיין יידיש צווישן זיך, און ס'רוב, צום באַדויערן, אויך ניט מיט זייערע עלטערן". אויב דאָס איז די סיטואַציע ביי אַזעלכע יידיש־באַוואוסטזיניקע יוגנטלעכע, וואָס קענען מיר שוין דערוואַרטן פון די הונדערטער טויזנטער יוגנטלעכע וואָס ווייסן ניט קיין צרות־אות און קענען קיין יידיש־גאָר אינגאַנצן ניט? בכן, איז עס קיין וואונדער וואָס מע פרעגט זיך צום טויזנטסטן מאָל די זעלביקע פראַגע, און מע מאָנט ביי זיך כסדר אַ חשבון־הנפש בנוגע אונדזער יוגנט. מע זוכט, מע חקירה'ט: וואו איז דער וועג צו שלמות? איז פאַראַן אַן אָפענע טיר צום האַרץ און מוח פון אונדזער יידישער יוגנט?

ס'איז שוין קרוב צו פערציק יאָר, זינט מיר האָבן אָנגעהויבן אין אַמעריקע אַ שול־באַוועגונג. פאַר אָט דעם משך פון יאָרן, זיינען אַדורכגעגאַנגען אין די אַלע טיפּן יידיש־וועלטלעכע שולן אַ גאָר היפּשע צאָל קינדער. אַסך פון זיי זיינען שוין אַליין טאַטעס און מאַמעס. האָט די שול איבערגעלאָזט אויף זיי אַ טיפן איינפלוס, באַווירקט זיי גייסטיק־יידישלעך, זיי זאָלן ווערן אַספּיראַנטן און טוער פאַר דער יידישער שול און קולטור? וואָס איז געוואָרן מיט אָט די צענדליקער טויזנטער תלמידים? וואו זיינען זיי? אויף וועלכע וועגן זיינען זיי אַוועק? וואָס לאָזן זיי זיך ניט הערן, ניט זען? לייענען זיי אַ יידיש בוך? אינטערעסירן זיי זיך מיט יידישע פראַגן און פּראָבלעמען? האָבן מיר דען ניט געלייגט אונדזער גאַנצע האָפענונג אויף אָט דער שול?יוגנט, וועלכע זאָל זיין ביכולת צו פאַרנעמען דעם אָרט פון עלטערן דור, איבערנעמען די פירערשאַפט און ממשיך זיין די גרויסע וויכטיקע אַרבעט, פאַר אונדזער יידישער קולטור?

אָט די פראַגן באַאומרואיקן זייער שטאַרק דעם ערנסטן שול־ און קולטור־טוער, דעם ערנסטן יידישן שריפטשטעלער און דענקער. ס'איז גענוג צו קומען אויף אונדזערע יידישע פאַרזאַמלונגען, יום־טובים און לעקציעס, זען דעם עולם, און ס'ווערט קלאָר די לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך. דורכאויס אַלטע פּנימער, דורכאויס גראָעטע קעפּ. און דאָס איז מער אמת איידער דיכטונג. דער יידישער אינטעלעקטואַל און קולטור־טסקן, וועלכער איז ניט פאַרפאַנצערט אין קיין פּאָליטישער פּאַרטיי, ביי וועמען קיום האומה

און אהבת ישראל, איז ניט קיין פּוסטער קלאַנג און שטייט ביי אים העכער פון דער גלאָריע פון פּאַרטיי און ריכטונג, אים איז ניט אַזוי גרינג; ער קען ניט אָפּקומען מיט בלויז אַ שטילן זיפץ אָדער קרעכץ. ער קאָן אויך ניט באַהערשט ווערן פון אַ כלומרשט רעליגיעז געפיל און מיטאַמאָל אָנהייבן פריידיקן דעם צוריקקער צו אַ רעליגיעזן גלויבן, פון וועלכן ער איז אַ לעבן־לאַנג געווען אויסגעטאָן אין גאַנצן. כ'מיין די אַזוי־גערופענע רעליגיעז־נאַציאָנאַלע שטימונגען פון אַ צאָל פון אונדזער אינטעליגענציע. דער יידישער פאָלקס־ און קולטור־מענטש קען אויך ניט פאַרגינען זיך צו פאַרקלייבן זיך אין אַ טעמפּן ווינקל פון רעזיגנאַציע און דעפיטיזם. ער קען ניט גלייכגילטיק צוקוקן און טראַכטן: „נאָך אים מעג אַ מבול קומען". פון אים שרייט אַרויס אַ צעבלוטיקט האַרץ און אַ צעווייטיקטע נשמה, אָבער באַין אופן ניט אַ געפיל פון יאוש. ער האַלט אָפן זיינע אויגן, געווענדט, פול מיט בטחון, צו אַ ליכטיקערן און פרייערן מאָרגן. זוכט ער דעריבער דעם וועג צו דער י. גנט; דיסקוטירט מען דעם איצטיקן קולטור־מצב, מע חקירט אסך און מיט ניט ווייניק פּילפּול. אייניקע באַשולדיקן אונדזער יונגן דור, פאַרוואָס ער האָט ניט קיין שום אינטערעס פאַר אונדזערע אידעאַלן און אַספּיראַציעס. אַנדערע טענהן ווידער, אַז מיר, די עלטערן, זיינען שולדיק מיט דעם וואָס מיר האָבן אונדזערע קינדער אין גאַנצן פאַרזען, געלאָזט זיי וואַקסן ווי ווילד־גראָז; אַליין געזוכט צו ראַטעווען די גאַנצע וועלט און אונדזער אייגנס לגמרי פאַרזען. און גאָר אַנדערע ווילן האָבן, אַז די עלטערן זיינען געווען שקלאַפן צו די קינדער, געלאָזט זיך פון זיי פירן, אין אַלץ זיי נאָכגעגעבן. די קינדער זיינען געווען די דיקטאַטאָרס איבער די עלטערן, און דעריבער איז די השפּעה אויף זיי כמעט אַ נוליקע. וואָס איז שייך די יידישע שול איז זי אַ בעל כרזודיקע, מיט גוואַלד אַרויפגעצוואונגענע אויף אונדזער „קליינוואַרג". יידיש וויסן און לערנען אויפן שפּיץ מעסער. דער פועל יוצא איז, אַז מיר האָבן אין די שולן, ניט קיין איכות און ניט קיין כמות:

אָ, ווי אַנדערש, טיפער און קערנדיקער מיר האָבן אַלע געהאָפט די קינדער־שול זאָל זיין!... נו, האַלט מען סימפּאָזיומס און מע זוכט, נאַטירלעך, פאַרשיידענע רפואות. מע וואַרפט זיך פאַר אַז די ביז־איצטיקע מאָדערנע דערציאונגס־מעטאָדן האָבן באַנקראָטירט, האָבן ניט באַפרידיקט. רופט מען צוריק צום גאָר אַלטן: צו רעליגיעזער יידישקייט; „עונג שבת", „שומרי שבת", און אַלץ וואָס האָט אַ שייכות מיט דעם אַלטן שטייגער לעבן. אפשר וועט פון דעם, די יידישע יוגנט גענעזן ווערן.

אין זיין וואָרט אין דעם „צוקונפט„ סימפּאָזיום וועגן דעם ענין קומט יעקב גלאַטשטיין צו די פאָלגנדע מסקנות:

(א) „מיר ווילן שאַפן פאַר אונדזערע קינדער גייסטיקע בריקן וואָס זאָלן זיי פאַרבינדן מיט די קינדער אין ישראל, זיי זאָלן ווערן באַוואוסטזיניקע יידן". איז דאָס זייער ראַציאָנאַל און וויכטיק. וואָס זשע איז זיין עצה צו טאָן?

(ב) „מיר דאַרפן ענדערן אונדזער ביז־איצטיקן קוק אויף זאַכן און זיך אַנדערש אָריענטירן. די דערציאונג דאַרף אַרויסגיין פון דער סטאַדיע פון עקספּערימענטאַציע און קלייזלדיקייט". איז דאָס אויך זייער לאָגיש און שכלדיק. איז וואָס זשע דאַרף מען פאָרט טאָן? קומט ער צום פאָלגנדיקן פּראָגנאָז:

(ג) „מיר מוזן זיך אַ ווענד טאָן אין דער ריכטונג פון דער רעליגיע און ניט זיך באַנוגענען מיט ברעקלעך יידישקייט ווי ביז איצט, אָפּפאַל־יידישקייט. מיר מעגן זיך ערנסט פאַרטראַכטן וועגן דעם און אָנהייבן דאַווענען יידיש. אין שול (בית־המדרש) זאָלן אונזערע קינדער האָבן אַ פרומע באַציאונג צו אונדזער לשון. יידישע דערציאונג מוז פאַראייַנהייטלעכט ווערן מיט יידישער אמונה, ניט אויף מעשה־ביכלעך ווי איצט, נאָר אויף רעליגיעזע יסודות".

זיכער וואָלט מען געקענט אַסך אָפּפרעגן אויף די דערמאָנטע און אַנדערע זיינע מאמרים בנוגע דעם ענין. איך האָב נאָר געבראַכט די עטלעכע ציטאַטן כדי אַנצואווייזן אויף וואָס פאַר אַ ווענן און אומוועגן מיר פאַרבלאַנדזשען אָפּט אין זוכעניש נאָך אַ סגולה כדי צו העלפן ברייננגען אונדזער פאַרוואָרלאָזטע יוגנט, צו די ברעגן פון „יידישלאַנד" און פון קיום האומה.

ווערט איר דאָך פרעגן: רב ייד, וואָס איז אייער עצה? צו וועלכע מסקנות זיינט איר געקומען?

איז דער ענטפער: תיקו! דאָך ווילט זיך באַמערקן: אויב דורך דעם סימפּאָזיום אין „צוקונפט" איבער דעם ענין, וואָס האָט אָנגעהאַלטן מער ווי צוויי יאָר, און אין וועלכן ס'האָבן אנטייל גענומען אַזעלכע חשובע דענקער און שריפטשטעלער, ווי: ש. ניגער. פּראָפ. גארדיס, א. מענעס, ב. רודמאַן, דר' אבא סילווער, א. גאלאמב און דער פון מיר ציטירטער, יעקב גלאַטשטיין, א. אַ., האָבן נאָך ווייט דעם ענין ניט דערליידיקט, זאָל איך אַ פשוטער בן־אדם, אין אַ קורצן אַרטיקל, יאָ געפינען דעם וועג? ס'איז אָבער זייער וויכטיק וואָס מע דיסקוטירט די פראַגע. דאָס באַווייזט מיט וואָס פאַר אַן ערנסטן פּראָבלעם מיר שטייען איצט פנים אל פנים און ווי שטאַרק די פראַגע באַאומרואיקט אונדז.

---

# *Heartiest Greetings*

# *from*

# *A FRIEND*



---

הארציקע באגריסונג צו

י. לעוויט

צו זיין יובל פייערונג

מיר ווינשן אים לאנגע יאָרן

פון גוטע ארבעט

**טעאדארא בערמאן**

**פרעזידענט**

**אמעריקען רומעניען סאסייעטי**

**אר. ר. מיטגלידער פון**

**סאן־פראנציסקא**

מ. טוירנער

מ. ראזענבערג

מ. ריטשמאנד

ז. אלפערט

פריינדין כאסיע בריל

ה. אדעלמאן

---

**חנה און משה קאפלאן**

## אברהם ליעסין צווייג 663 ארבעטער רינג

שיקט די הארציקסטע גרוסן צו אונדזער ליבן חבר

און גרינדער פון צווייג

## דזשוליוס לעווית

מיר ווייסן ניט פון קיין איינעם דא אין שטאט וואס זאל אזוי כשר פארדינען צו פייערן זיין יובל ווי י. לעווית. זיין ענערגישע ארבעט אויף אלע געביטן פון יידיש געזעלשאפטלעכן לעבן, זיין איבערגעבנקייט צו אלע אינסטיטוציעס דא אין שטאט איז ניט אפצושאצן.

ווינטשן מיר י. לעוויטן לאנגע געזונטע יארן און ער זאל פארזעצן זיין וואונדערבארע ארבעט אויף דעם זעלביקן וועג ווי ער האט געטאן ביז איצטער.

מאקס אגראנאוו, פארזיצער
ש. רובין, וויצע פארזיצער
ראוז בערמאן, פינאנץ סעק.
מ. כרמל, קאר. סעק.
מאקס גאלדבערג און ע. הארליק, האספ.
א. קאפלער, קאסירער
מ. בארנסטיין, פראטאקאל סעק.

---

פופציק יאר אקטיוו געזעלשאפטלעך לעבן פון א יחיד איז זיכער א גרויסע מדרגה. י. לעוויטס פופציק יאר געזעלשאפטלעכע טואונג, וואס ווערט איצט געפייערט, איז באמת א פארדינסטפולער יובל.

חבר י. לעוויט איז א לאנג-יאריקער תושב דא, אין לאס אנגעלעס, און ער האט ניט ווייניק געהאלפן אונדזער יישוב צו דערהויבן זיין געזעלשאפטליכן און קולטורעלן מצב.

ס'איז ניט קיין צופאל וואס דער „ייווא" קאמיטעט אין לאס אנגעלעס האט גענומען אויף זיך די איניציאטיוו דורכצופירן די פייערונג. מחמת י. לעוויט איז אויך געשטאנען ביים סאמע אנהויב פון ייווא'ס" גרינדונג, און א סך געהאלפן דורך זיין איינפלוס און ארבעט אין זיין שטארקונג און קיום.

מיר באגריסן דעם בעל-היובל און ווינטשן אים אריכות ימים: ער זאל דערלעבן, צוזאמען מיט אונדז, פייערן נאך אזעלכע געזעלשאפטלעכע און קולטורעלע יובילעאומס.

מיט „ייווא" גרוס,

**לאס אנגעלעסער יידישער קולטור קלוב**

**י. פרידלאנד, פרעזידענט** **מ. ל. קאפעלאף, סעקרעטאר**

ליבער פריינט יודר לעוויט :

מיר ווינטשן אייך או אייער משפחה פיל יאָרן פון

גליק און געזונט

פריינט און פריינדינע

# פּנחס קאַרל



# KARL'S SHOE STORES, Ltd.

**750 North Spring Street**

**Los Angeles 54, Calif.**

Fraternal Greetings and Congratulations
to Our Friend

**JULIUS LEVITT**

on half a century of sterling service to the Jewish community, the labor movement and the causes to which we are devoted.



Congratulations to Yivo . . .
In Honoring Julius Levitt
Yivo Honors Our Movement

# INTERNATIONAL LADIES' GARMENT WORKERS' UNION

**LOS ANGELES CLOAK JOINT BOARD**
ISIDOR STENZOR, Manager JOHN ARUFFO, Chairman

**LOS ANGELES DRESS JOINT BOARD**
FANNIE BORAX, Manager BERTHA KOPSELL, Chairlady

**LOS ANGELES SPORTSWEAR JOINT COUNCIL**
JOHN ULENE, Manager BESSIE BAYER, Chairlady

We warmly greet Julius Levitt for his half century of devoted and constructive service to labor and cultural causes.

We wish him many more years of fruitful activity toward the fulfillment of our common goal.

President

**DAVID DUBINSKY**

International Ladies' Garment Workers' Union

# LOS ANGELES JOINT BOARD

## Amalgamated Clothing Workers of America

It is with heartfelt pleasure that I greet Brother Julius Levitt on the completion of 50 years of devoted service to the labor movement.

Too often we forget the sacrifice and hardships endured by those who went into the labor movement in those early years.

In the eleven-year period in which I have served the Amalgamated Clothing Workers of America in Los Angeles, I have found Brother Levitt in the forefront of activities which involve people who are unable to help themselves. His help and advice in trying days have always been of invaluable aid.

I join with the members of my organization in wishing Brother Levitt continuous success in the pursuit of the goal of making this a better world for everyone.

JEROME POSNER, Manager
Los Angeles Joint Board
Amalgamated Clothing Workers of America

---

## CLOAK OUT-OF-TOWN DEPT.
## I.L.G.W.U.

GEORGE RUBIN, Manager

**1710 Broadway** **New York City**

---

**CLARA OSTROWSKY AND CHILDREN**
360 So. Burnside Los Angeles, Calif.

---

**SAN PEDRO PIPE & MACHINERY CO.**
820-22-24 San Pedro St.
M. KNELL

---

**ISIDOR BROWN**
4327½ Francis Ave. Los Angeles 5, Calif.

---

**BOSTON SHOE CO.**
JACK SMITH
826 So. Los Angeles St. Los Angeles 14, Calif.

---

**FREEWAY MARKET**
ABE AND SHELDON COHEN
5311 Santa Monica Blvd. Los Angeles 29

---

**MR. AND MRS. AARON AYEROFF**
4820 Carpenter Ave.

---

**I. ZOLA**
4129 Rogers St. Los Angeles 33

---

**B. B. MILLER**
2821 Brooklyn Ave. Los Angeles33

---

**WAR SURPLUS OUTLET**
724 Waterman Ave. San Bernardino, Calif.

---

**MR. AND MRS. DAVID SAVETNICK**
12420 Deerbrook Lane Los Angeles 49

---

**MR. HENRY TURK**
2308 Eutaw Place Baltimore 17, Md.

---

**חבר און פברה באראנאווסקי**
1310 12th Ave.

---

**עליק און בעקי קאַרסאָן**
327 W. Broadway Glendale, Calif.

---

**THEODORE STRIMLING**
321 No. Highland Ave.

---

FROM
**A FRIEND**

---

**WILLIAM SHORE**
269 So. Los Angeles St.

---

**S. BREININ AND LENA**

---

**UNITED SUIT CASE CO.**
262 So. Los Angeles St.

---

**MAURICE HOLMAN**
925 So. Maple Ave.

---

**WALTER S. HILBORN**
**ROBERT GANS**
4865 Exposition Blvd.

זאָל זיין פינף און זעכציק יאָר אַבי יונג.
**י ו ד ל ל ע ו ו י ט**

מיר ווינטשן אייך נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן פון כלל און קולטור אַרבעט און איר זאָלט טאַקע נים האָבן קיין צייט צו אַלט ווערן.

מאַקס און ראוז האָלצמאַן.

---

בעסטע ברכות און וואונטשן פון:

גוסטאַוו בערגער
סאָניא רובינא
דאָרא רובינא
הערץ רובין

---

**יצחק, זהבי, משה׳לע רויטבלום**

---

אליעזר און גיטל דאָרין

---

**JOSEPH AND FEIGELE PANITZ**

---

אלעק, שפרה און מרים ראָבין

---

אונזער האַרציקע באַגריסונג צו פריינד
**י ו ד ל ל ע ו ו י ט**

לכבוד דער פייערונג פון זיין פופציק יאָריקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

מיר ווינטשן אים אריכת ימים און פרוכטבאַרע טעטיקייטן פאַר אַלע קאָנסטרוקטיווע ווערק.

ישראל הסתדרות קאַמפּיין

דר. נתן זאָלצמאַן, פּרעזידענט
חיים שאַפּירא, טשערמאַן
טשאַרלס בראַון, קאַסירער
**חבר חנה אַפּלבאום**

---

ה. רויזענבלאַט לייען קרייז

זייט געגריסט חבר לעווויט. אונדזערע האַרציקע ברכות צו אייך. זעצט פאָר אייער נוצלעכע אַרבעט נאָך פיל, פיל יאָרן.

גאָסי סאַרטאַ, סעקרעטאַרין

---

**חבר י. וויניצקי**

---

**חבר און חברה ה. ראָטבלאַט**

---

**MR. AND MRS. S. GILLIS**
**1503 Ellsmore Ave.**

## GREETINGS

As one of the legion of friends of Julius Levitt, we are happy to add our voices to the testimonial being given to him to celebrate his 50th year of social activities in the community. Through his active work on behalf of the sanatorium and numerous other philanthropic institutions, he has made a mark for himself as a useful member of the community, as a friend of the needy and handicapped, and as one who has at all times been ready to subordinate his own interests to advance those of others.

It was my privilege to become acquainted with Julius when I came to Los Angeles. We are proud to be numbered among his friends and can testify to his wholehearted loyalty and devotion not only to those whom he knew personally, but to the thousands of sick and needy, whose cause he considered his own.

It would be unfair not to mention Julius' charming wife, his faithful companion and inspiring co-worker. We want to wish Mr. and Mrs. Julius Levitt long years of health and happiness in their good work.

MARK AND REVA CARTER

---

GREETINGS FROM

***Mr. and Mrs. Victor M. Carter***

---

**PETER KAHN, JR.**

**915 Benedict Canyon Drive**
**Beverly Hills, Calif.**

---

**LEE'S DEPARTMENT STORE**

c/o ELI ELIAS

**6501 Pacific Blvd.**
**Huntington Park, Calif.**

---

**SMART MODES OF CALIFORNIA**

**834 South Broadway**
**Los Angeles, Calif.**

---

**VANGUARD FASHIONS OF CALIFORNIA**

**745 South Broadway**

## דער פאַרבאַנד קאָונסיל פון אידיש-נאַציאָנאַלן

## אַרבעטער פאַרבאַנד, לאָס אנגעלעס

באַגריסט פריינדלעך דעם ענערגישן געזעלשאַפטלעכן טוער פריינט

## י ו ד ל  ל ע ו ו י ט

צו זיינע 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און ווינטשט אים נאָך פיל יאָרן פון גוטע ארבעט פאַר זיין פאָלק און פאַר די אידעאַלן פון יושר און שלום פאַר אַלעמען.

**מאיר אָסטראָווסקי, פאָרזיצער**

**אָ. דובין, עקזעקוטיוו סעקרעטאר**

## װלאַדעק ברענטש 443 אַרבעטער רינג

שליסט זיך אָן אין דער פייערונג פון 50 יאָר געזעלשאַפטלעכע טע-
טיקייט פון יודל לעווויט. מיר באַגריסן האַרציק דעם יובילאַר און
ווינטשן אים לאַנגע יאָרן פון געזונט און ווייטערע ענערגישע געזעל-
שאַפטלעכע אַרבעט.

י. טיללעס, פּרעזידענט — י. פּאַרבער, סעקרעטאַר

יוסף און ראָוז טיללעס

באָריס דעסקאָף

מר און מרס. מאַנדריוס

עזריאל ראָזען, פּאָטאַלומאַ

מאָריס אַבראַמאָוויטש

מרס. דזש. מילער

זלמן זילבערצווייג

ציליע סילווער

חיים שאַפּיראָ
1307 Edgecliffe Dr.

שמואל און מלכה אָשרי
617 No. Coronado St.

חיים דוד מאָנסאָן
853 Hauser Blvd.

יוסף גאָלדבערג
303 S. New Hampshire

פּיניע און שרה גאָנז
427 N. Fairfax Ave.

מאָקס פּיין
234 No. Chicago St.

ה. ראָבינסאָן
331 So. Mariposa St.

משה האָלצמאַן

עדוואַרד גערבער

שלמה און יהודית בערקאָוויטש

ז. בונין

עזריאל קריינאָן

ל. זעלמאַן

ס. שליאָסער

ש. קאַרפּמאַן

דזשעני שער

י. ראַוויטש

מר. און מרס.

נייטן אַבראַמאָוויטש

דוד גאָלדמאַן

גאָסי קאַפּלאַן

מרס. פּעני מגיד

א. ר. פרויען־ברענטש 806
סאן פראנציסקאָ, קאַליפ.

CENTRAL JEWISH
COMMITTEE

אַרב. רינג ברענטש 689
M. MARKOWITZ, Secretary

מירל און וויקטאָר מאַרגאָלים

א. ר. וולאַדעק בר. 443
יהושע פאַרבער, סעקרעטאר
יוסף טילעס, פאָרזיצער

אַרבעטער רינג לייען־קרייז
ארום די שולן

אַרב. רינג מעדעם בר. 655

אַרב. רינג ברענטש 590

אַרב. רינג ברענטש 473

מרדכי אַנילעוויטש
אַרב. רינג ברענטש 697

האַרציקע באַגריסונג צו אייער 50 יאָריקן יובל פון געזעלשאַפט־לעכער, נוצלעכער טעטיקייט. מיר ווינטשן אייך לאַנגע יאָר פון געזונט און גליק.
דוד און ליזע ראָטמאַן

אַרב. רינג ברענטש 691

אַרב. רינג ברענטש 676

# אונדזערע הארציקע באַגריסונגען צום בעל היובל

פּרץ הירשביין צווייג פון יידישן
נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

SAM BREININ, Secretary

**1949 No. Kenmore Ave.**

---

מיר, דער יידישער סאָציאַליסטי-
שער פאַרבאַנד אין לאָס אנגעלעס
באַגריסן הארציק פריינט
יודל לעוויט
א. ט. סילווער, סעקרעטאר

---

יהואש לייען קרייז

מאָלי פּאדבערעסקי, סעק.

---

Our Best Wishes for Your
Continued Good Health
and Good Work

**MR. AND MRS.**
**A. A. HORELICK**

YOUR GAL FRIDAY

---

פּרץ הירשביין קולטור
קרייז

---

לילע און פיליפּ וויינשטיין

---

מיר ווינטשן אייך פריינט י.
לעוויט א סך יאָרן פון פרוכט-
באַרער געזעלשאַפטלעכער טע-
טיקייט.

די אלטשולערס

סאוטה פאסאדינא, קאַליפ.

---

חבר און חברה ב. פּאַקס

**1136 Longwood Ave.**

---

בעסטע ברכות פון

לאה און יואל ליטעווקאָ

---

**NATHAN MALKIN**

**2209 Crenshaw Blvd.**

## אונדזערע האַרציקע באַגריסונגען צום בעל היובל

מיר באַגריסן אייך, פריינט י. לעוויט, צו אייער יום־טוב און ווינטשן אייך לאַנגע יאָר.

**יצחק און סאָפיע פאַרבער**

אוקלאַנד, קאַליפאָרניע

---

**דער נאַציאָנאַל פּראָגרעסיווער**

**אַרבעטער רינג ברענטש 605**

באַגריסט האַרציק דעם וויכטיקן אַרב. רינג, קולטור און געזעל־שאַפטלעכן עסקן י. לעוויט.

מיר ווינטשן אייך נאָך אַ סך געזונטע, שעפערישע יאָרן אין אייער געזעלשאַפטלעכער טע־טיקייט.

י. מאזעלים, סעק.

---

**אַרב. רינג ברענטש 413**

---

**וועסטסייד פרויען־גרופּע ביים**

**יידישן אַרבעטער קאָמיטעט**

**מאָרים און ראָז וואָווירטליב**

---

אונדזערע האַרציקע ברכות

דעם פריינט

**יודל לעוויט**

צו זיין 50 יאָריקן יובל פון גע־זעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

**שלמה אוןביילקע האָכבערג**

---

IN HONOR OF

OUR GRANDPARENTS

**MR. AND MRS.**
**WM. FARWELL**

**BRIAN**
**ILEEN**
**RACHELE**

**and MIRIAM WEINSTOCK**

---

ב. ווינער

---

א. פילער

---

חנה און מאיר דראָזד

---

שלמה צוקערמאַן

---

ז. גאָלדבלום, פרויען
לייען־קרייז

הייקע באנק, סעקרעטארין

**7349 Etiwanda**

**Reseda, Calif.**

---

שלמה מענדעלסאָן
לייען קרייז

---

מאַקס פיין פועלי ציון
פאַריין

באַגריסט האַרציק י. לעוויט און ווינטשט אים לאַנגע און געזונטע יאָר

---

פריינט און פריינדינע

**יצחק לעוויט און זון ווילי**

**דר. און מרס. הערי לעוויט**

## אונדזערע האַרציקע באַגריסונגען צום בעל היובל

**CHENSTOCHOVER SOCIETY**
MOISHE ODERBERG, Chairman
A. CHRABLOW, Secretary

---

**PHIL GLADSTONE**
C. PERMATEX
7955 W. 3rd St.

---

**MORRIS GINSBURG**

---

**HARRY SAMSON**
834 South Broadway

---

**BERNARD RISKIN**
715 Jewelry Trades Bldg.
Room 715
220 W. 5th St.

---

**M. LAPIDUS**

---

**P. GDALIA**

---

**BESSIE PROTIS**

---

**DORA USEVICH**

---

**MORRIS SKADRON**
1054 N. Western Ave. HU. 2-9731

---

**SAM GOSS**
429 W. Valley Blvd.

---

**BLOOM RUSSIAN STEAM BATHS**
328 So. Pecan St.
Los Angeles 33, Calif.

---

**J. KASOF**

---

**MAX ABRAMS**
2955 So. Fairfax

---

**MR. AND MRS. JOHN APTEKER**

---

**SAM KINGSTON**
1442 No. Miller Ave.

---

**JOEL LEVITT**

---

**MRS. FANNIE STEINBERG**
2012 No. Normandie

---

**MEYER WEINTRAUB**

---

**MR. AND MRS. KLATZMAN**

---

**A. ISRAEL & SON**
210 W. 7th St. Los Angeles

---

**M. MISHKIN**
509 No. Kenmore

---

**MAX POGORELSKY**

---

**H. BORENSTEIN**

---

**MR. LEDERMAN**

---

**MAX TAMARIN**

---

**T. T. BRISE**
2506 Cincinnati St.

---

**D. FRIERMAN**

---

האַרציקע באַגריסונג צו אונדזער
פריינט יודל לעוויט
**ב. און סאָפיע סוראַסקי**

---

**קייט קריינאָן**

---

ארב. רינג ברענטש 933

---

דר. דאָלניק לייען קרייז
מרס. ראָזענבערג, פּאָרזיצערין

